# דער יוד

# (DER JUDE)


צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעססען.

ערשיינט יעדע וואך.

—— פערלאג: חברה „אחיאסף". ——



אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
עסטרייך-אונגארן —.12 קראָנען.
האלביאהריג —.6 "
פירטעליאהריג —.3 "
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 "
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.



דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רוביל.
האלב יאהרליך —.3 רוביל;
פיערטעל יאהרליך 1.50 רו"כ.
מען קען אויך אויסצאהלען אין
3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 "
דען 1טען אויגוסט — 1 "

איינצעלנע נומערן 15 קאפ. —
30 העלער.



קראקויא, אדר תרס"א. נומר 8 Krakau. 21 Feber 1901.


## אינהאלט.



### ה. תרס"א ← וואכען-קאלענדער (לוח) ← 1901

| די טעג פון: חודש | די טעג פון: וואך | אדר פעבער-לוטי | | נייער ס. פעבער | אלט. ס. פעוור. |
|---|---|---|---|---|---|
| ה' | זונטאג | | | 23 | 11 |
| ו' | מאנטאג | | | 24 | 12 |
| ז' | דינסטאג | | | 25 | 13 |
| ח' | מיטוואך | | | 26 | 14 |
| ט' | דאנערס. | | | 27 | 15 |
| י' | פרייטאג | | | 28 | 16 |
| י"א | שבת | שבת תצוה, זכור. | מערץ*) | 1*) | 17 |

### קורצע פערצייכנונגען פון דער יידישער געשיכטע.

| טאג | יאהר | |
|---|---|---|
| ז' | ה.תט"ז | זענען די יודען צוריקגעקומען קיין ענגלאנד דורך די השתדלות פון ר' מנשה בן ישראל ביי קראָמוועל. |
| ז' | התקפ"א | געשטאָרבען הר' מאיר ווייל בערלינער רב. |
| ח' | ה' ק' | האָט אלפאָנס VIII געהייסען פערברענגען דעם שונא-ישראל גאָנזאלו. |
| ח' | ה'תרל"ה | געשטאָרבען הר' זכריה פראנקל אין ברעסלוי. |
| ט' | ה'שכ"ט | האָט דער פאפסט פיוס V פערטריבען יודען פון זיינע לענדער חוץ פון ראָם און אנקונא. |
| | התקמ"ח | |
| ט' | | געשטאָרבען אין ווילנא הגר' שלמה זלמן מוואלאזין. |
| י' | ה'תרל"ה | " אין פראנקפורט ד"ר אליקום כרמולי בריסעלער רב. |
| י"א | ה'תקס"ו | " אין ליוואָרנא הר' חיים יוסף דוד אזולאי (חיד"א). |
| " | ה'תרנ"א | " הר' יצחק מאיר ראבינאוויץ סלאבאדקע'ר רב. |


## צו אבאָנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE", Krakau, Gertrudy 19.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf", Warschau, Postkiste Nr 25,
mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין וויען:
E. Torczyner, Wien II, Krumbaumg. I.

אין לאדז, ביי אונזערעם פערטרעטער:
S. Hochberg, Lodz, Cegielnianastr. 36.

„דער יוד" איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאָסט אונטער דער נומער
1920a Nachtrag VII


צו דיזער נומר איז בייגעלעגט דאס ערשטע בילד: „יעקב בעגעגענט זיך מיט לבן".

## Изданія
## Товарищества „АХІАСАФЪ“.

**Ахадъ-Гаамъ**, Рабство въ свободѣ, переводъ Н. Василевскаго . . . . . . .
— Подражаніе и асимиляція, переводъ Н. Шейнкина . . . . . . . . .
— На пути къ сіонизму, перев. Л-на .
Буква и жизнь, Положительное и отрицательное. Цѣна каждой брошюры 10 коп. съ пересылкой . . . . . . 12

**Лиліенблюмъ М.Л.**, Пять моментовъ изъ жизни Моисея. Цѣна 35 коп., съ пересылкой . . . . . . . . . 40

**Любарскій Г.А.**, Палестина, ея настоящее и будущее. Очеркъ положенія современной Палестины и существ. въ ней свр. колоній, цѣна 75 к. съ перес. . . . . 85

**Нордау М. Д-ръ**, Докторъ Конъ, трагедія изъ современной жизни, цѣна 60 к. съ перес. 66

**Членовъ В. Е. Д-ръ**, Второй конгрессъ сіонистовъ и предшествовавшія ему совѣщанія, цѣна 50 к. съ пересылкой . . . 58

**Ямпольскій П. А. Д-ръ**, Вступительная духовная бесѣда о еврействѣ . . .
— Вторая бесѣда о еврействѣ,
Третья бесѣда о еврействѣ, цѣна каждой брошюры 15 коп., съ пересылкой . 17

**Яффе Л.**, Записки Давидова дома, по Рекендорфу и Фридбергу, цѣна 35 коп. съ пересылкой . . . . . . . . . . 40

---

# האוצר

פתרון המלים שנמצאו במקרא ובמשנה וכו' ותרגומן לשפות רוסיא ואשכנז

מאת ש. י. פין (המנוח).

עם הערות (בסוף כל חלק) על השמות הנוגעים לחכמת הרפואה בכל ענפיה

מאת ד"ר ל. קאצענעלסאהן.

## יצאה לאור

ונשלחה לכל החותמים

חוברת יז חוברת

הספר יוצא לאור במחברות א 2 באגען
מהיר כל מחברת 22 ק"פ ועם פארטא 24 ק'.
אולם לחותמים הוזל המחיר ע"פ התנאים
א) בתשלום למפרע עבור כל הספר — 8 רו"כ.
ב) „ „ „ 20 חוב' — 3 „
ג) „ „ „ 10 „ 1,80 „
החותמים מקבלים ההוברות בכל שבוע חפשי מפארטא.
כתבת המו"ל: Издат. „Ахіасафъ“, Варшава.
**Verlag „ACHIASAF“ Warschau.**

---

## אין ביאליסטאק

איז צו אבאנירען אויף די ציימונגען „השלה", „הדור", „דער יוד", „המליץ", „הצפירה", „די וועלט", Биржe. Вѣдомости, Восходъ, Будуность, НИВА, אד"ג. און אויך צו בעקומען אלע ספרי אחיאסף ביי שמואל ליפשיץ

לויט אדרעסע:
Книжный Магазинъ Ш. Я. Липшицъ, Бѣлостокъ.

---

## צוקערניע ש. שפינעלנלאז

ווארשא, נאלעווקי Nr. 10
(פארמאלם איגעלזאהן). וועלכע עקזיסטירט זייט 18 יאהר. פון דער צייט און זייט איך האב זי איבערגענומען אונטער מיינע אויפזיכט האב איך פיעל פערבעסערונגען איינגעארדענט. רייך, כשר, בילינ. בעשטעלונגען ווערען פינקטליך אויסגעפיהרט, היער און אויף דער פראווינץ. פיעלע ראנקען בריעפליך אויך מינדליך.
די צוקערניע בעזיצט 24 צייטונג צום לעזען.

**☛ АГЕНТЫ ☚**

повсемѣстно нужны

Одесса, книж. магаз.

**М. С. КОЗМАНА.**

---

## דר. מ. גאטטליעב

קארמעליצקא 4

ארדינאטאר דער קליניק דעס קייזערליכען אוניווערסיטעטס אין ווארשא.
איננערליכע און קינדער קראנקהייטען העמיש־מיקראסקאפישעס לאבאראטאריום פיר אונטערזוכונגען פון ליהוה, אורין, זרע א.ד.ג.

---

# רעזט

ביכער לשון קודישע, זשארגאנישע, רוסישע, פאלנישע און דייטשע אין צוקערמאנ'ס לייהביבליאטהעק.
בילליג.

---

Четвертый всемірный

**☛ КОНГРЕСЪ СІОНИСТОВЪ ☚**

въ Лондонѣ 1900 г.

**Полный отчетъ**

Цѣна 40 к. съ пересылкой 48 к.

Издательство „Ахіасафъ“, Варшава.

---

יצא לאור ונשלה להחותמים

## ☛ „הדור" Nr. 8 ☚

וזה תבן עניניו:

| | |
|---|---|
| מחשבה בעצה. | ש. פ. ראבינאוויץ. |
| בארצות המערב. ו. | ש. ב'ד. |
| חקים ומשפטים ליהודים. | |
| במכתבי־העתים. | G |
| השקפה על דברי המדינות. | |
| מאורעות ומעשים. | |
| האמנות העברית: אלפרד נאסיג. (סוף) | ר. בריינין. |
| היהודי הנצחי באגדה ובפואיזיה. II. | י. ל. ברוכוביץ. |
| ההצלהה (פרבולה) | אינן לירש. |
| הדפים האחרונים. (ציור) | א. ז. ראבינאוויטץ. |
| מענין לענין. (פיליטון) | יואל פויסט. |
| רשימות שונות. | |

תנאי החתימה: באוסטריה־אונגריה: לשנה 14 קראנען, לחצי שנה 7 קראנען, לרבע שנה 3,50 קראנען. ברוסיה: לשנה 6 רו"כ, לחצי שנה 3 רו"כ, לרבע שנה 1,50. באשכנז לשנה 12 מארק, באנגליה לשנה 12 שילינג. בשאר ארצות לשנה 17 פראנק. בארץ ישראל לשנה 15 פראנק.

**Издательство „АХІАСАФЪ“, Варшава.**

III. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 8

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ-יאהרליך —.5 רוביל.
האלב-יאהרליך —.3 רוביל.
פירטעל-יאהרליך 1,50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 "
דען 1טען אויגוסט — 1 "
ענדערען די אדרעססע קאסט 20 קאפ.

# דער יוד

צייטשריפט
## פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואָך.
פערלאג: חברת „אחיאסף“.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראָנען.
האלביאהריג —.6 "
פירטעליאהריג —.3 "
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 "
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג.
פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט 20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.
Erscheint Donnerstag.

קראָקויא, אדר תרס"א. נומר 8 Krakau, 21. Feber 1901.

## בימע צו לעזען

אונזער מודעה אין דיעזער נומער וועגען דער „וועלטגעשיכטע“.

די אדמיניסטראציאָן.

## ווער איז יק"א?!

שוין ניט פון היינט און ניט פון נעכטען געה איך אַרום פון א בעקאַנטען צו א בעקאַנטען און פרעג אַליין די איינציגע פראגע: ווער איז יק"א? ווער איז יק"א?

איינער זאָגט מיר, דאָס יק"א בעטייט: יודישע קאָלאָניזאַציאָנסגעזעלשאַפט (די אַנפאַנגס-בוכשטאַבען פון Jewish Colonisation Association) א אַנדערער דערצעהלט מיר, דאָס יק"א האָט געקראָגען פון באַראָן הירש בירושה אַ סך מיליאָנען, מיט דעם תנאי דאָס צו פערווענדען צו נוצען פון כלל ישראל. דער דריטער ווערט פלאם־פייער און רעכענט מיר אויס די גדלות פון יק"א: די גאַנצע יודישע קאָלאָניזאציאָן אין ארגענטינא ליגט אין די הענד פון יק"א; אויף די שענסטע און גרעסטע יודישע קאָלאָניעס אין פאַלעסטינא איז דער איינציגער בעל הבית יק"א; די גרעסטע שולען אין גאַליציען זענען אויפגעבויט געוואָרען אויף איהרע געלד, עס איז ניטאָ קיין גרויסע צדקה־חברה, אוואו עס זאָלען ניט ליגען יק"א'ס געלד. א פיערטער פערטרויט מיר בסוד סודות, דאָס אין די גרויסע הייזער מיט וואָלוועלע דירות פאַר'ן יודישען המון אין רוסלאַנד, האָט יק"א אַריינגעלייגט א שען־שען ביסעל מזומנים...

צווישען מיינע בעקאַנטע געפינען זיך אזוינע, וועלכע פערשטעהען גאָר ניט, ווי מען פרעגט גאָר אַזאַ נאַרישע קשיא. זיי עפענען אויף אויף מיר אַפּאָר פערוואונדערטע אויגען, זיי שטרעקען אויס אַפּאָר אָרעמס אקעגען מיר און שרייען: סטייטש ווי ווייס מען דאָס ניט ווער איז יק"א?! צי געפונט זיך איין יודישע אונטערנעהמונג, אַוואו יק"א זאָל ניט זיין אַריינגעמישט דערביי? צי געפינט מען גאָר איין יודישע זאך, איין ראַגאַדעליניאָ, איין פרויען פעראיין פאַר אָרעמע יולדות, אַוואו יק"א זאָל ניט אויסשיטען אויף זיי איהר מזל ברכה? צי געפינט מען גאָר?... א. ז. וו. א. ז. וו.

און איך געה אַליין ווייטער פון א בעקאַנטען צו אַ בעקאַנטען און פרעג אַליין, ווער איז יק"א? וועלכע מענשען שטעהען אָן דער שפיץ פון דער דאָזיגער געזעלשאַפט? צי איז דאָס א געזעלשאַפט, וואָס האָט תקנות? צי איז זי פאַר ווענען עס איז מחויב אָבצוגעבען אַמאָל דין וחשבון? צי האָט זי אַ גאַנג, אַ אידעע דורך וועלכע זי וויל אונז, אָרימע יודען אַמאָל ברייננען נוטצען? ווי הייסט איהר גאַנג? וואָס פאַר אַ נאָמען זאָלען מיר איהם געבען? וועלכע זענען די אידעען פון די מיטגליעדער פון דער געזעלשאַפט? און צי זענען די אידעען, מיט וועלכע זי לעבט איהר לעבען, ניטצליכע, ריכטיגע און קלאָרע?

קיינער ענטפערט מיר ניט ווי עס דאַרף צו זיין. איינער שרייט: סטייטש צי ווייסט איהר ניט, דאָס ה. לעווען און ה. רייגאך שטעהען אָן דער שפיטץ פון יק"א?!

איך ווייס, איך ווייס. אָבער ריינאך און לעווען זענען פאַר מיר נור הוילע נעמען, פוסטע טענער, קיינער האָט זיך ניט בעמיהט צו זאָגען פון זיי אין דער יודישער פרעסע אַ גוט אָדער אַ שלעכט וואָרט. אונזערע „אילוסטרירטע“ בלעטער האָבען זייערע פאָרטרעטען ניט געדרוקט. ה. ר. בריינין האָט זייערע ביאָגראַפיע נאָך ניט געשריעבען. איך בין געוואָהנט (אפשר אַ נאַרישע געוואָהנהייט!) דאָס ווען אין א אַדמיניסטראַציע ביי א פאָלק בעווייזט זיך אַ נייער מיניסטער, אַפילו אַ נייער דירעקטאָר פון א דעפּאַרטאַמענט, קומען צו געהן די קלוגע און די שכל'דיגע מענשען פון פאָלק און דערצעהלען איהם, וואָס פאַר אַ נוטצען, וואָס פאַר אַ היזק דער „נייער“ קען איהם ברייננען, וועלכע האָפנונגען פון פאָלק איז ער בכח צו ערפילען, און וועלכע נייע האָפנונגען איז ער בכח צו וועקען. איך האָב געהאָפט, דאָס וועגען הערהן לעווען און הערהן ריינאַך, אין וועמענס הענד איז פערטרויט אפשר דאָס גרעסטע קאַפּיטאַל, וואָס דאָס יודישע פאָלק האָט אַמאָל געהאַט, וועט מען אונז אויך עפּעס דערצעהלען... איך האָב ניט געהאָפט אויף פיעל... זייערע פאָרטרעטען בין איך שוין מוחל. די פאָרטרעטען און די יודישע ביכער זענען נאָך צו שלעכט כדי ניט צו פערמיאוס'ען אַ געוועהנליכען מענשליכען פנים. איך האָב נור געוואָלט וויסען, פון וואַנען נעהמען זיך די מענשען, וועלכע האָבען פלוצים געקראָגען אַזאַ געוואַלטיגע מאַכט? צי שטעהען זיי נאָהענט צו דעם יודישען פאָלק? צי האָבען זיי איהם ליעב? צי פיהלען זיי דעם טרויער פון דער נאַציאָן, וועלכער זיין ווילען עפּיס גוטס טהון? צי האָבען זיי אידעאַלען אויף די צוקונפט? צי ווילען זיי מעהר זיין

ווי פֿיינע בעל־צדקות, ביי וועלכע די רעכטע האנד ווייס ניט וואָס די לינקע טהוט?

איהר פֿרעגט, בייזערט זיך אויף מיר מיינער אַ גוטער פֿריינד, צי האָבען זיי תקנות? און וואָס שטעהט אין זיי? ניט פֿאַר אייך האָט מען געשריעבען די תקנות, און ניט מיט אייך האָבען זיי זיך בעראָטהען! די אַלע לעוועג׳ס און די ריינאַך׳ס קוקען אויף אייך, דעם רוסישען יודען, ווי אויף אַ נעגער פֿון אַפֿריקא, מיט וועלכען מען פֿיהרט ניט קיין חשבונות. זיי זענען אייערע בעלי הכתים, אייערע שררים, און עס איז מעהר ניט ווי העזה און אַ הוצפה, דאָס צו פֿער־לאַנגען גאָר! צי צערעמאָנען זיך שטאַרק די דייטשען מיט די חינעזען? צי זענען מיר בעסער אין די אויגען פֿון אַ ריינאַך עט קאָמפּאַניע?! זיי, די הויכע מענשען מיט דער הויכער בילדונג וועלען שוין וויסען וואָס צו טהון, זיי וועלען אונז שוין מיט געוואַלט פֿיהרען צום הויכען ציעל פֿון בילדונג און מענשליכער קולטור, זיי וועלען אונז מאַכען פֿאַר מענשען צו גאָט און צו לייטען!

מיין פֿריינד איז שוין צו פֿערבייזט, ער שרייט שוין און זידעלט די ריינאַך׳ס און די לעווענ׳ס איידער ער ווייס נאָך ווער זיי זענען.

ווער איז יק״א? ווער איז יק״א?

איהר, די פֿערברענטע און די צופּלאַמטע יודענפֿריינד, איהר וועלכע קלייבט איצט אויפ׳ן בעפֿעהל פֿון בערנשטיין־קאַהן טויזענדער שטימען צו פּראָטעסטירען געגען די יק״א׳ס ווילדקייטען אין פּאַלעס־טינא [1]), איהר וואָס קאָכט זיך אויף דעם אָרעמען פּאַריענטאַ און דרעהט אויף איהם מיט די המן־גרעגערס ווי אין פּורים צייט, איהר וועלכע בעשאַפֿט טויזענדער פּראָיעקטען און שיקט זיי אָב פֿיין איבער־געשריעבען אין פּאַריז צו אַ לעווען און אַ ריינאַך, — איהר מוזט דאָך מן־הסתם וויסען מיט וועמען איהר האָט צו טהון. צי זאָגט־זשע מיר, מיינע ליבע גוטע לייט, ווער איז יק״א?! ווער איז יק״א?!

1) ז. די בריעף פֿו׳ן „אַלטען פּאַלעסטינעץ“.

צי איז דאָס אַ לעבענדיגע חברה? צי פֿיהרט זיך דאָרטען פּונקט ווי ביי אַלע מענשען? צי הערען זיי זיך צו צום פּולס פֿון פֿאָלק? צי וויסען זיי וואָס עס פֿעהלט איהם? צי האָבען זיי פּלענער אונז צו העלפֿען? און צי פֿרעגען זיי זיך נאָך, אויב מיר ווילען זייערע פּלענער?

באַראָן הירש׳ס מיליאָנען האָבען אַ ביטערען מזל. וואו זיי שיטען זיך אויס, ווערט בעשאַפֿען אַ נייער אָפֿענער וואונד. וויפֿיעל פּיין האָט אָנגעמאַכט אַרגענטינאַ דעם יודישען פֿאָלק, וואָס וויל אַר־בייט און טויג צו דער אַרבייט! און צי איז נאָך היינט ניט אַרגענ־טינא אַ אָפֿענער ווייטער וואונד? די מיליאָנען האָבען זיך נאָר וואָס אַ שאָט געטהון אין פּאַלעסטינא אויף די יודישע קאָלאָניעס, און פּלוצים האָבען אָנגעהויבען צעהנדלינגער פֿאַמיליען צו טרייסלען און צו צאַפּלען זיך, ווי פֿון אַ בייזער קראַנקהייט!

ווער איז יק״א? וואָס וויל זי? צי איז זי אַ גוף אָהן אַ קאָפּ? צי איז זי אַזאַ מין חיה, וואָס לעבט צו טיעף אין ים פֿון אייראָפּאַ, און האָט שוין גאָר פֿערלאָרען דעם חוש הראיה צו דערקענען אַ יודיש בעשעפֿעניש? צי איז זי נאַריש? צי איז זי קלוג? צי לעבט זי? צי איז זי טויט?

און אפשר איז זי נאָר דער קראַנקער פּרינץ פֿון פּרץ׳ס בילד [2]), וועלכער טראָגט אַריין מיט זיך אין די שענסטע פּאַלאַצען און נערט־נער אַ שוואַרצע בלייערנע מעלאַנכאָליע?

עס קומט מיר אַריין אין זכרון אַ קליינע געשיכטע פֿון דעם ענגלישען ראָמאַניסטען אועלס.

אַ משרת׳ל אין אַ קאַנטאָר האָט פּלוצלינג ענטדעקט אין זיך אַ נייעם כּח: ער האָט אָנגעהויבען פֿיהלען, דאָס ער קען טהון וואונ־דער. צום ערשטען מאָל האָט ער אַ זאָג געטהון: רבונו של עולם!

2) „השמהה במעונו“ „יור“ 1900.

# פֿעליעטאָן.

## גאַנץ בערדיטשעוו.

(אַריכטיג בעשרייבונג פֿון דער שטאָדט בערדיטשעוו מיט אַלע איהרע אנטיקליך).

פֿון

שלום־עליכם.

הקדמה.

אין דער לעצטער צייט האָבען אָנגעהויבען אַרויסגעהן אויף דער וועלט אַלערליי בעשרייבונגען פֿון שטעדט און פֿון לענדער, וכדומה אַזעלכע ניצליכע ביכער. האָב איך מיך מישב געווען אַזוי: אומעטום טאַנצען מיר ווי נאָך: ביי זיי איז פֿאַראַן גאַזעטען — ביי אונז איז פֿאַראַן גאַזעטען; ביי זיי איז פֿאַראַן „נאָווי־גאָד“, — ביי אונז איז פֿאַראַן „נאָווי־גאָד“; ביי זיי איז פֿאַראַן „יאָלקעס“, — ביי אונז איז פֿאַראַן „יאָלקעס“... ביי זיי איז פֿאַראַן גאַנץ פּעטערבורג און גאַנץ מאָסקווי; פֿאַר וואָס זאָל ביי אונז ניט זיין גאַנץ בערדיטשעוו? דער חלוק איז נור, וואָס ביי זיי, אַז זיי געבען אַרויס אַזאַ מין בוך, געבען זיי דאָס אַרויס גלאַט אַזוי, מפּי השמועה, דאָס הייסט: דער האָט געהערט פֿון יענעם, און יענער האָט געהערט פֿון דעם, אַז יענער האָט געהערט זאָגען, אָדער ער האָט ערגיץ געלייענט, אַז ס׳איז פֿאַראַן ערגיץ אין פּעטערבורג אָדער אין מאָסקווי דאָס און דאָס... איך האָב מיך ניט געוואָלט פֿערלאָזען אויף קיין נסים, וואָס דער וועט מיר דערציילען, אָדער וואָס קאָ־רעספּאָנדענטען וועלען מיר שרייבען. איך האָב מיך מטריח געווען אַליין מיט מיי׳ן כּבוד און בין זיך אַליין דורכגעפֿאָהרען אויף אַ קליינער צייט קיין בער־דיטשעוו, אַליין אומעטום געווען, אַליין מיט מיינע אויגען אַלסדינג געזעהען, אַליין איטליכע זאַך געהערט און אַליין בעשריבען איטליכס פּיציל אויף פּאַ־פּיר. געבענטשט זענען די פֿיס וואָס געהן אַליין, די אויגען וואָס קוקען אַליין, די אויערען וואָס הערען אַליין — און די הענד וואָס שרייבען אַליין...

ווידער איז פֿאַראַן אַ גרויסער חסרון אין זייער שרייבען: זיי אָדער זיי פֿערלייקענען גאָר דעם גאַנצען אמת, שעמען זיך אָפּנים אַרויסזאָגען, אָדער זיי זאָלצען שוין אַזוי פֿיעל איבער אַז עס קומט אויס משונה ווילד אומגע־לימפּערט.

נאָני — און איך האָב ניט אַזוי געטהון, איך האָב נוט אַכטונג געגעבען דערויף, אַז איטליכע זאַך וואָס איך בעשרייב, זאָל דאָס זיין פּונקטליך ווי דאָס איז, כּשר, ריין, חלילה נישט מגזם געווען אויף קיין האָר; מחמת ס׳איז דאָך ניט קיין ראָמאַן, וואָס איינער טראַכט אויס פֿונ׳ם קאָפּ...

נאָך אַ צוויי ווערטער בעדאַרף איך דאָ אַרויסזאָגען: דאָס בערדיט־שעוו וואָס ווערט דאָ בעשריבען איז ניט יענץ בערדיטשעוו וואָס איהר מיינט. חס וחלילה! פֿאַראַן נאָך אַ בערדיטשעוו. נעמט זייט מוחל די געאָגראַפֿיע, קוקט אַריין, וועט איהר עפּיס זעהען.

דאָס ערשטע קאַפּיטעל.

### בערדיטשעווער טראַמוואַי.

אָנגעקומען בין איך קיין בערדיטשעוו מיט׳ן באַהן אַרום נאָך סוכּות צייט אין דער פֿריה. פֿאַר׳ן דאַוונען. אין דרויסען האָט געמראַקעט אַ קליין

אויף מיין קליינעם פינגער זאָל ווערען בעשאַפען אַ גאָלדענער רינג מיט אַ בריליאַנט. און קוים האָט ער אַרויסגערעדט די לעצטע ווערטער, ווי זיין בהודיגער פינגער האָט אַרומגענומען אַ טייערער בריליאַנטענער רינג. דערווייל איז פאַרביי דער בעל־הבית זיינער. דער משרת'ל האָט פלוצים מורא געקראָגען, אַז דער בעל־הבית זאָל איהם ניט חושד זיין אין אַ גנבה, און האָט האַסטיג אַ צווייטען וואונדער געטהון: רבונו של עולם, האָט ער געמורמעלט, מאַך, אַז דער רינג זאָל ווערען אויס רינג. טאָג פאַר טאָג האָט דער משרת'ל געשאַפען וואונדער און בטל געמאַכט, ווייל ער האָט אַליין געציטערט פאַר אַ חשד. ער איז געווען צו קליין ביי זיך, און דערצו ניט קיין איבערגעשפיצטער מה. איינמאָל האָט איהם פאַסירט, דאָס צו ליעב זיין כח איז כמעט די וועלט ניט אונטערגעגאַנגען. פון דענסטמאָל אָן האָט דער משרת'ל געקראָגען אַזאַ שרעק פאַר זיינע אייגענע וואונדערקראַפט, דאָס ער האָט געבעטען ביי גאָט נור אויף איין וואונדער: מאַך, רבש"ע, די וועלט וויטער וועלט און נעם פון מיר צו דעם ווילדען כשוף, וואָס איז מיר מקצר די יאָהרען! די וועלט איז געוואָרען וויטער וועלט און דער משרת'ל איז געשטאָרבען אַ זקן. קיין וואונדער האָט ער שוין ניט געקענט און ניט געוואָלט מאַכען.

צי האָט אפשר ניט געטראָפען מיט באַראָן הירש, מיט יק"א, דאָס אייגענע, וואָס האָט פאַסירט מיט דעם אומגליקליכען העלדען פון אועל'ס מעשה'לע? צי ליידט זי אפשר אַליין נישט פון דער וואונדערקראַפט, וועלכע ברייננט מיט זיך 273 מיליאָנען פראַנק? צי בעט זי זיך אויך אפשר צו גליק מיט דעם משרת'ל: רבש"ע, מאַך מיט די יודען ווי דו האָסט ביז איצט געמאַכט, נאָר בעפריי מיך פון דער וואונדערמאַכט? ווער ווייס? אפשר קען זי שוין ניט צוזעהן ווי גאַנצע זעק גאָלד אַנשטאָט צו ווערען פערוואַנדעלט אין וועלדער, גערטנער, געזייטע פעלדער און רוישענדע פאַבריקען — בלייבען אין זייערע הענד די אייגענע האַרטע גאָלדענע קלעצליך, וועלכע פאַלען אויף די אויסגעהאָרעוועטע קעפ פון די יודישע קאָלאָניסטען און אַרבייטער און צובײלען און צובלוטיגען זיי? ווער ווייס?...

בעל מחשבות.

---

## די אסיפה אין אדעס.

דער קאָמיטעט פון דער חברה צו שטיצען יודען ערד־אַרבייטער אין סיריען און ארץ ישראל איז מודיע אַז ז' אדר [13 פעברואַר] וועט זיין אין אַדעס איין אויסעראָרדענטליכע פערזאַמלונג (אספה כללית) פון די מיטגליעדער פון דער חברה.

דאָס פראָגראַם פון דער אספה וועט זיין:

א. אַ דין וחשבון פון דער טהעטיגקייט פון דער חברה במשך די 10 יאָהר זייט זי עקזיסטירט;

ב. פערהאַנדלונגען וועגען דער ביטע פון די קאָלאָניסטען אין ארץ־ישראל צו פערבעסערען זייער מצב;

ג. פערהאַנדלונגען וועגען דער ביטע פון די פועלים ערד־אַרבייטער אין א"י צו בעפעסטיגען זייער שטאַנד;

ד. וועגען געבען ערלויבעניש דעם קאָמיטעט אַז ער זאָל אויסגעבען פון קרן־קימת פון דער חברה אויף בעפעסטיגען די פועלים, וועלכע פערנעהמען זיך מיט ערדאַרבייט אין א"י.

---

## פאָליטישע איבערזיכט.

**די פערענדערונג אין רומעניש'ען מיניסטעריום.—דאָס איטאַליעניש'ע מיניסטעריום. — פראָטעסטען נעגען דעם דייטשען יוסטיץ-מי-ניסטער. — דער אבצאָהל אויף געטריידע. — די מלחמה אין אפריקא.**

די לעצטע וואָך האָט געבראַכט איבערקעהרענישען אין מיניסטעריום פון רומעניען און פון איטאַליען. דער רומענישער ערשטער מיניסטער קאַרפּ האָט געוואָלט איינפיהרען בעסערע און גערעכטערע אָרדנונגען אין די אָבצאָהלונגען פון לאַנד, ער האָט געוואָלט שאַפען

---

רעגענדיל און ס'האָט זיך געבילדעט פון דעם אַ גרויס שיטער בלאָטקעלי. אויפ'ן וואַקזאַל האָבען זיך אַ לאַז געטהון אַקעגען מיר אַ גאַנצע קאָמאַנדע הויז־משרתים מיט געלע בערד, מיט געלע קאַפּאַטעס און מיט געלע בלעכליך אויף די געלע אָבגעפאַרעטע קאַשקעטליך.

— פעטער! גראַנד אָטעל!

— אָטעל פראַנציאַ, פעטער!

— פעטער! איטאַליאַ! פעטער!

— נאָהינט! ריין! כשר! וואָלוועל!...

דורכגעלאָפען מיט גאָטס הילף דורך דער דאָזיגער קאָמאַנדע הויז־משרתים בשלום, האָב איך מיך אַריינגעכאַפּט צווישען איין אַנדער חברה, חברה בעלי־עגלות מיט גרויסע שטיוועל און מיט לאַנגע בייטשען. די דאָזיגע חברה לייט האָבען מיך ממש שיער נישט צוריסען אויף שטיקליך. איינער אַ יונגאַטש מיט ביינער, האָט ביי מיר בעל קרחו אויסגעריסען מיין טשעמאָדאַנטשיק, האָב איך געמאַכט זעהר אַ גרויסען גוואַלד: "מיינע כתבים! מיינע פאַפּירען!"... האָבען זיך צוויי אַנדערע בעלי־עגלות אָנגענומען מיין קריוודע, מיך געוואָלט נעמען צו זיך, און ס'איז געוואָרען צווישען זיי אַ געשלעג. בתוך כך האָב איך געכאַפּט מיין טשעמאָדאַנטשיק, אויסגעגליטשט זיך פון זייערע הענד און האָב זיך געלאָזט גלייך צום טראַמוואַי.

— אַהער, ברידערליך, אַהער! אַ פיטאַקעל אַפאָהר! פון דאַנען ביזן עק בעלעפיליר גאַס*) סך הכל איין פיטאַקעל!...

דאָס שרייט דער קאָנדוקטאָר אַליין, אַ יונגער־מאַנטשיק מיט אַ געל בערדיל, אויף אַ האַרכעלדיגע שטימע, מיט אַ רייוועטאַש אויפ'ן האַלז און מיט אַ קנעפּיל אויפ'ן קאַשקעטיל. נעבען איהם שטעהט נאָך איינער, אַ יוד מיט אַ צוריסענע קאַפּאָטע און מיט אַ בייטש, דער קאָטשער פונ'ם טראַמוואַי. ביידע ווייזען מיר מיט די הענד אויף אַ מין ביידיל, וואָס שטעהט אָנגעבויגען אַ ביסיל אויף אַ זייט, מיט אויסגעזעצטע שויבען, וואָס מע רופט דאָס "וואַגאָן". ביי אַ לאַנגען דישעל שטעהט צוגעשפאַנט אַ ווייס פערדיל, מיט אַ שיטערין וויידיל, האַלט אַראָבגעלאָזט די מאָרדע און דרעמעלט.

— פאַוואָלי נאָר — זאָגט צו מיר דער קאָנדוקטאָר — איהר זאָלט זיך ניט פערטשעפען דאָרט; עס פעהלט אַ ברעטיל אין דער פידלאָגע...

איך זעטץ מיך אַריין פאַמעליך אין וואַגאָן, לייג אַנידער נעבען זיך דעם טשעמאָדאַנטשיק און וואַרט. ס'איז קיהלבליך; איך קלאַפ אַ פוס אָן אַ פוס.

— קאָנדוקטאָר! — זאָג איך צום יונגען מאַן — מיר וועלען אַמאָל פאָהרען, צי ניין?

— אם ירצה השם, מיט גאָטס הילף! ענטפערט מיר דער קאָנדוקטאָר.

— געב נאָר אַהער אַ ביסעל טוטין, דו, יוסיל! — מאַכט צו איהם דער קאָטשער, וואָס מיט דער בייטש און מיט דער צוריסענער קאַפּאָטע.

— איהר זענט ניט קראַנק צו רייכערען קאָרענצים, רב כתריאל!

— האַקט איהם אָב יוסיל דער קאָנדוקטאָר — פון גוטען טוטי'ן קען אייך חלילה וועה טהון דער קאָפּ!

— מאַך ניט קיין אָנשטעלען, דו סמאַרק איינער, און געב אַהער אַ ציגאַר טוטין — זאָגט צו איהם כתריאל דער קאָטשער.

---

*) אין מ י י ן בערדיטשעוו איז אויך פאַראַן אַ גאַס, וואָס מע רופט זי "בעלעפיליר גאַס"...

דער מחבר.

א זיכערע לאגע פאר די רומענישע יודען, כדי דורך דעם איינצושטילען די העצערייען, וואס זענען איצט אין אלע לענדער קעגען רומעניען. די איצטיגע שלעכטע פינאנסען פון דער רומענישער רעגירונג צווינגען איהר אנצוקומען צו א הלואה אין דער פרעמד, אבער מען וויל אין ערגיץ ניט לייהען רומעניען געלד, ווייל מען האט אומעטום מורא, דאס די רדיפות געגען די יודען אין רומעניען זאלען ניט צו שעדליך ווירקען אויף איהרע פינאנסען — און דאס שטערט רומעניען צו קריגען לייהען געלד א סך מעהר ווי די ברידערליכע נעפיהלען פון די יודישע באנקירען, וועלכע ווילען זיך מיט רומעניען אברעכענען פאר איהר אנטיסעמיטיזם. קאופ'ס פאליטיק איז פון פארלאמענט ניט אננענומען געווארען און ער האט דערום צוזאמען מיט זיינע חברים זיך געמוזט אבזאגען פון דער שטעלע, וועלכע איז איצט אריבער צו קאנסערוואטיווע אין די הענד.

אין די 7 חדשים, זינט עס הערשט דער יונגער קעניג אין איטאליען, איז דאס מיניסטעריום געוועזן אין די הענד פון איין אלטען פאליטיקער סאראקא. ניט צוליעב כבוד האט סאראקא אננענומען זיין הויכע שטעלע, נאר געטריבען פון דעם וואונש צו מאכען שלום צווישען די פערשידענע איטאליענישע פארטייען, וועלכע פלעגען זיך שטענדיג רייסען איינע מיט די אנדערע און דורך מחלקות שטערען יעדע ארדענונג אין פארלאמענט. אבער סאראקא'ן האט געפעהלט איין אייגענעס פראגראם, נור מיט פשרות צווישען אנדערע פראגראמען און פארטייען האט סאראקא לאנג נישט געקאנט זיך האלטען, און איהם האט איצט געטראפען דאסזעלבע, וואס טרעפט זיך מיט אלע בעלי פשרות: זיי ווערען פערלאזען פון אלעמען. אין גענוא איז געוועזן א שטרייק פון ארבייטער, אין דעם שטרייק האט דער מיניסטער געהאלטען די ארבייטערס צד און מיט דעם האט ער ארויסגערופען געגען זיך די קאנסערוואטיווע פארטייען, צוגלייך אבער האט ער פארגעלעגט א געזעץ צו פערשמעלערן די פרייהייט פון פערזאמלונגען און פון דער פרעסע און דערמיט האט ער אויפגערייצט געגען זיך די פרייע פארטייען; ביי די ויכוחים וועגען זיין פאליטיק האט דער פארלאמענט אננענומען מיט א גרויסען רוב דעות, אז ער האט ניט קיין צוטרוי צום מיניסטעריום און סאראקא האט געמוזט איבער דעם פערלאזען זיין שטעלע.

א מיניסטער טאר קיין אמת ניט זאגען. אין דייטשלאנד ווערען די מיניסטארען אפט אנגעפרעגט אין פארלאמענט פאר וואס ווערען ניט יודען פאר אפיצירען אדער פאר וואס קריגען זיי איבערהויפט ניט קיין שטעלען אין דער רעגירונג. די מיניסטארען אבער ענטפערן קיין מאל ניט גלייך, זיי זאגען, אז עס זענען דא יודישע בעאמטע, מען מאכט אין ערגיץ ניט קיין אונטערשיעד, מען וועט חוקר ודורש זיין א. ז. וו. אין פרייסישען פארלאמענט איז געשטעלט געווארען ערשט ניט לאנג נאך אמאל די פראגע, פאר וואס ווערען יודישע אדוואקאטען ניט בעשטימט פאר נאטאריוסען. דער יוסטיץ־מיניסטער האט אויף דעם ניט לאנג טראכטענדיג געענטפערט, אז לויט געזעץ האבען אפילו די יודען גלייכע רעכטע מיט אלע אנדערע אונטערטהאנען, אבער ער אלס מיניסטער האלט פאר נייטהיג, אז די רעגירונג זאל זיך רעכענען מיט די געפיהלען פון פאלק, און דעריבער מוז ער יודען נור זעלטען געבען שטעלען. דעם מיניסטערס ענטפער האט ארויסגערופען שארפע פראטעסטען פון די ליבעראלע דעפוטאטען אין פארלאמענט, זיי האבען שארף קריטיקירט דעם מיניסטערס ווערטער און אויפגעוויזען, אז דער מיניסטער דארף זיך האלטען נאך דעם זינען פון געזעץ און ניט זיך ערלויבען אבצוווייכען פון קלארע געזעצען צוליעב זיינע אייגענע מיינונגען, וועלכע ער האט פון פאלק. דער פארלאמענט אבער האט אויסגעדריקט מיט רוב דעות זיין הסכם מיט דער ערקלערונג פון מיניסטער.

דעם מיניסטערס ערקלערונג און דעם פארלאמענטס בעשלוס האבען נאך מעהר פערשארפט די פראטעסטען. אלע ליבעראלע צייטונגען גיבען זיך אב מיט בעזונדערע מאמרים, אין וועלכע זיי ווייזען אויף די אונגערעכטיגקייט פון מיניסטער. דאס פערהאלטען פון די ליבעראלען

---

און דער קאנדוקטאר מיט'ן קאטשער פערדרעהען צו פאפיראסען.

— ווען וועלען מיר פאהרען? — פרעג איך ווידער ביים קאנדוקטאר.

— היינט — ענטפערט ער מיר גאנץ קאלטבלוטיג און גיט דעם קאטשער פעררויכערען.

איך ווארט און ווארט ביז עס הויבען אן ביסליכווייז צונויפקלויבען זיך פארשוינען. פריהער קריכט אריין א יוד מיט א צוריסען טולופיל פון א מין רויכווארג, וואס איז שווער צו טרעפען, וואס פאר א חיה האט געטראגען די דאזיגע פעל! זאל איך זאגען א פיקס — איז דאס צו ווייס; זאל איך זאגען א קאץ — איז דאס צו רויט; א בער — איז דאס צו פלאטשיג; א הונד — איז דאס צו רייך: א וואלף — איז דאס צו ארעם... נאך דעם יודען מיט דעם צוריסענעם טולופיל קריכט אריין נאך א יוד אהן א טוליפ, א געפרוירענער נעביך, קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען, זיפצט און זוכט איין ארט און זעצט זיך אנידער ביי דער טהיר אין א ווינקעל... נאך דעם געפרוירענעם יודען קריכט אריין א קאשעק מיט עפעל און תיכף נאכ'ן קאשעק א יודענע, איינגעוויקעלט אין דריי שאלען, און אלע דריי שאלען זענען צופלאכטען און מען זעהט אז ס'איז איהר נעביך קאלט...

— פיאויט! רב כתריאל! פאשאל! — רופט זיך אן יוסיל דער קאנדוקטאר צו כתריאל דעם קאטשער, טהוט א פייף און דער טראמוואי רידהרט פונ'ם ארט. ער געדהט אב עטליכע טריט און שטעלט זיך באלד אנידער. עס עפענט זיך אויף דאס טהיריל פונ'ם וואגאן און עס בעוויזט זיך א קאפ.

— נישט פאראן דא משה?

— וואסער משה? פרעגט יוסיל קאנדוקטאר.

— משה פיציכים! — ענטפערט די קאפ.

— א בחור מיט איין אלטען קאשקעט? — פרעגט יוסיל קאנדוקטאר.

— א בחור מיט איין קאשקעט — ענטפערט די קאפ.

— מיט א צוריסען פעלציל? — פרעגט איהם יוסיל.

— מיט א צוריסען פעלציל! ענטפערט די קאפ.

— ער דינט אין א „זאליאזנע" קראם? פרעגט איהם יוסיל.

— אין א „זאליאזנע" קראם — ענטפערט די קאפ.

— איך קען איהם — מאכט יוסיל קאנדוקטאר, טהוט א פייף צו'ם קאטשער: „פיויט! רב כתריאל! פאשאל!"

און מיר פאהרען ווייטער.

— א בילעט! — רופט זיך אן צו מיר דער קאנדוקטאר — איהר זענט מיר עפים נישט קענטליך, א פנים נישט קיין הינער?... איהר רעכענט דא שטעהן לאנג? קען איך אייך פערפיהרען אין א סטאנציע, דווקא ניט קיין האטעל, נאר א ריינע, אהן וואנצען... און עסען וועל איך אנווייזען איין ערטיל, וואו עס וועט אייך קאסטען וואלוועל און איהר וועט האבען הנאה...

איך דאנק איהם זעהר און זאג איהם, אז איך האב דא בעקאנטע; פרעגט ער: ווער זענען זיי, וואס זענען זיי און וואס איז זייער טהועכץ?... איך טראכט איהם אוים א נאמען פון דער הגדה און טשעפע מיך אב פון איהם... ער לאזט מיך צורוה און געהט צו צו'ם יודען מיט'ן טולופיל און הייסט איהם נעמען א בילעט. דער יוד מיט'ן טולופיל קנייטשט מיט פלייצעס:

— ווי־ס איך! איך האב דען א גראשען אפילו ביי דער נשמה?...

האט אויפגעמונטערט אויך די יודען און אין בערלין האבען די יודען צוזאמענגערופען א גרויסע יודישע פאלקספערזאמלונג, אויף וועלכע די פערזאמעלטע האבען אין איין רעזאָלוציע? — אין דעה אנגענומען איין פראטעסט געגען דעם מיניסטערס ערקלערונג און געגען דעם בעשלוס פון פרייסישען פארלאמענט.

די דייטשע צייטונגען פערנעהמען זיך זעהר פיעל מיט דער פראגע וועגען אבצאהלונגען אויף געטריידע. די ארבייטערפארטייען רופען צור־נויף גרויסע פאלקספערזאמלונגען און מען קלויבט התימות אויף פראָ־טעסטען געגען שטייגען דעם אבצאהל. די מעהרהייט פון פאלק איז אין דייטשלאנד געוויס געגען די העכערע אבצאהלונגען. דאס קען מען זעהן נאך דער איינטהיילונג פון די בעשעפטיגונג אין לאנד. לויט די נייעסטע חשבונות לעבען פון לאנדווירטשאפט אין דייטשלאנד נור 37 פראצענט פון דער בעפעלקערונג, פון פאבריקאציאן 38 פראצענט, פון האנדעל 11 פראצענט, אבער די גרעסערע אבצאהלונגען וועלען קענען בריינגען נוצען נור א קליינעם טהייל פון די וואס לעבען פון לאנדווירטשאפט, ווייל אין די 37 פראצענט געהט אריין א גרויסער טהייל ארבייטער, וועלכע ארבייטען פון טאג ביי פאמעשציקעס, און קליינע ערדארבייטער־פאמיליעס, וועלכע דארפען אליין קויפען ברויט. מען זאל זיי ארויס־נעהמען פון חשבון, וועט אויסקומען אז די העכערע אבצאהלונגען ווע־לען זיך לייגען ווי א גרויסע משא אויפ'ן פאלק צוליעב נור א קליינעם טהייל פון פאמעשציקעס.

אינטערעסאנטע חשבונות נעפינען מיר אין די ידיעות וועגען דער מלחמה אין אפריקא. ענגלאנד האט ארויסגעשיקט קיין אפריקא פון אנהויב מלחמה ביז איצט 267 טויזענד מאן. ביז דעם 31־סטען יאנואר פון היינטיגען יאהר האט ענגלאנד פערלארען אין דער מלחמה 60,000 טויטע און פערוואונדעטע; 100,000 מאן ווערען פערברויכט צו שיצען די אייזענבאהנען און די איינגענומענע שטעדט פון טראנסוואל און אראַ־ניען און אויף די וויטערדיגע פיהרונג פון דער מלחמה בלייבט נור איבריג 40,000. די בויערען האבען איצט פון 15 ביז 20 טויזענד מאן און ביי זייער אופן פון פיהרען מלחמה און ביי דער ציוואָרפענקייט פון ענגלישען חיל וועלען זיך נאך די בויערען קענען האלטען א לאנגע צייט.

י. ל.

## בריעף פון ארץ ישראל.

די לאגע פון די ארבייטער איז נאך אליץ דיזעלבע, מען זאגט אב אליץ נייע ארבייטער, און די הילף פון יק"א בעשטעהט נור אין דעם, דאס מען קויפט פאר זיי בילעטען. עס זענען געוועזען פעלע, דאס מען האט געצאהלט פאר שיפסקארטען ביז 600 רובל פאר א פאמיליע קיין מעלבורן, סידניי, ניו־יארק, אבי נור אבפאהרען פון דעם פלאץ! צעהנדלינגער טויזענדער פראנקען האבען דא די אגענטען פון יק"א פער־טהיילט צו דעם דאזיגען צוועק און קיין איינציגען פראנק האבען זיי נאך ניט אויסגעגעבען צו שאפען נייע ארבייט אין ארץ ישראל, אום צו פערהאלטען די פעהיגע יונגע קרעפטען. עס איז שווער צו פערשטעהן, נאך מעהר שווער איבערצוגעבען דעם חורבן, דעם בראך, וועלכען אזא פיהרונג האט געמאכט ניט נור אויף די קאלאניסטען, נאר אויך אויף אלע יודען אין לאנד!

די פערטרעטער פון יק"א זאגען, דאס זיי קענען יעצט גאר ניט מאכען אין לאנד, איז עס אבער ריכטיג? מיר, די וואס זענען דא אויף דעם פלאץ ווייסען, דאס עס איז דאך ניט אזוי! מען קען יעצט און דערהויפט פאר די וועלכע זענען שוין פון פריהער אין ארץ ישראל אלעס מאכען אפשר ניט אזוי גרינג, אבער ווען און וואו איז אונז וואס גרינג אנגעקומען? איבעהויפט אין אזא פאלקס־זאך, ווען מיר זאלען זיך שרעקען אדער אויסרעכענען יעדען טריט, צי עס „לוינט" צי ניט, וועלען מיר קיין מאל צו קיין זאך ניט קומען!

האט דען יק"א אליין ניט געקויפט פאראיאהרען א שטיק לאנד סעדזשערא וואו זי האט געוואלט די ארבייטער קאלאניזירען און יעצט

---

— שוין דאס דריטע מאל היינטיגע וואך, אז איהר פאהרט אהן א בילעט, — זאגט צו איהם יוסיל קאנדוקטאר מיט פערדרוס.

— נו, בכן זאל איך געהן צו פוס? צי זאל איך געהן ערגיץ גנבה'נען פון דיינעטוועגען? — ענטפערט איהם דער יוד מיט'ן טולופיל אויך מיט פערדרוס.

יוסיל קאנדוקטאר טהוט א מאך מיט דער האנד און געהט אוועק פון איהם צו יענעם נעפרוירענעם יודען, וואס אהן א טולופ. יענער מאכט זיך ווי ער דרעמעלט.

— הערט נאר, זייט זשע מוחל, א בילעט!

דער יוד מאכט זיך ווי ער הערט ניט. דער קאנדוקטאר איז איהם מכבד מיט א שנאל אין נאז אריין.

— רב יוד! זייט זשע מוחל, א בילעט.

— שמעתי! *) — ענטפערט איהם דער יוד כלומרשט אויפגעחאפט פונ'ם שלאף און רייבט א האנד אין א האנד.

— א בילעט! מאכט צו איהם נאך אמאל יוסיל קאנדוקטאר.

— שמעתי! — ענטפערט איהם ווידער אמאל דער יוד און האוקעט זיך אין די קולעקעס אריין.

— וואס טויג מיר אייער שמעתי? — זאגט צו איהם יוסיל־קאנדוק־טאר מיט'ן הארבעןווארט — נעמט ארויס זייט מוחל א פיטאקיל און נאט אייך א בילעט.

— שא — שא! — מאכט צו איהם דער' נעפרוירענער — וואס איז עפיס מיט אזא ירגזון? קוק איהם אן, א גאנצער יחסן!

— מאכט ניט קיין אנשטעלען - זאגט צו איהם יוסיל קאנדוקטאר — און גיט אהער א פיטאקיל!

— עט נו! — מאכט צו איהם דער נעפרוירענער — מיר וועסט דו מאלט אייך עפיס אבלאזען פון א פיטאקיל.

— מיינע צרות וועל איך אייך אבלאזען! — זאגט יוסיל קאנדוקטאר.

— האלט זיך מיט זיי געזונדערהייט! ענטפערט איהם דער נעפרוי־רענער — איך האב גענוג איינענע צרות.

— וועל איך אייך בעטען מחילה איהר זאלט זיך מטריח זיין אראב פונ'ם וואגאן! (צום קאוטשער:) רב כתריאל, סטאפ!

כתריאל דער קאוטשער שטעלט אב דעם טראמוואי און איז זיך ממש מחיה, און דאס פערדיל אוודאי.

— זייט זשע מוחל מיט דער רעכטער פוס! — זאגט יוסיל קאנ־דוקטאר צום נעפרוירענעם. דער נעפרוירענער זיצט, טאנצט מיט די פיס און רייבט זיך די הענד און ריהרט זיך ניט פונ'ם ארט.

— איהר ווארט אויף כבוד? — מאכט צו איהם יוסיל קאנדוקטאר — איהר ווילט איך זאל אייך נעמען פאר'ן קאלנער און ארויסווארפען אויף דריי שפענדליך?... לאז קומען דער „קאנטראליר" וועט איהר האבען אייער פסק!.. רב כתריאל! פאשאל! — מאכט ער צום קוטשער און דער טראמ־וואי פאהרט ווייטער.

(פארטזעטצונג קומט)

---

שמעתי*) — איך האב געהערט.

האָט זי נור אַ פאָרמע געמאַכט? האָט מען דען, נאָך גאָר ניט לאַנג ניט געקענט קויפען גרויסע שטרעקען לאַנד און יק"א האָט די „קאָנטראַקטען בטל געמאַכט? האָט דען צוריק נאָך מיט אַפּאָר חדשים דער געוועזענער אַגענט פון יק"א ניט בעקומען קושאַנעס אויף אַ שטיק לאַנד האַטין ביי טבריה?

און וועגען אַרבייט? ווען יק"א זאָל נור וועלען צום ביישפּיעל מאַכען באַיאַרעס אום צו שאַפען אַרבייט פאַר די אַרבייטער, ביז מען וועט קענען עפּיס אַנדערש מאַכען, וואָלט זיך קיינער ניט בעדאַרפט אַרויספאָהרען. אין דער צייט, ווען די אַראַבער פּלאַנצען פון יאָהר צו יאָהר נייע גערטנער, גראַבען ברונעמער א.ז.וו. זאָגען די פאָרשטעהער פון יק"א, דאָס די באַיאַרעס זענען ניט קיין געשעפט!

אמת, די בעסטע פון אונזערע ברידער אין חוץ לאַרץ, וועלכע וויסען פון אַלעס, וואָס עס קומט דאָ פאָר, שרייען, פּראָטעסטירען מאַכען פערזאַמלונגען, אָבער די פאָרשטעהער פון יק"א מאַכען זיך גאַניץ ווענינ פון די מיינונגען פון אונזער פאָלק. דאָס געלד איז דאָך ביי זיי און קיינער קען זיי קיין דעה נישט זאָגען! — אַזוי מיינען זיי און טהוען מיט אונזער ישוב אַזוי ווי זיי געפעלט.

די אַרבייטער, די קאָלאָניסטען, וועלכע האָבען אַזוי פיעל געליטען פאַר דעם ישוב וואָלטען איהם דאָך וועלען רעטען, ליידער אָבער האָבען זייערע לעצטע אַנשטרענגונגען נאָך קיינע רעזולטאַטען געגעבען; די אַרבייטער מיט זייערע דעלעגאַטען אין פּאַריז האָבען נור דאָס אויסגעווירקט, דאָס מען צושיקט זיי אין דער גאַנצער וועלט, אַבי נור אין ארץ ישראל ניט בלייבען.

די דעלעגאַטען, וועלכע זכרון יעקב האָט געשיקט קיין פּאַריז, זענען שוין צוויי וואָכען דאָרט און קיינער לאָזט זיי צו זיך ניט צו!.. אַ שאַנדע פאַר אונז אַלעמען, פאַר אונזער גאַנצע אונטערנעהמונג!..

עס איז שווער צו גלויבען, דאָס אַזאַ פיהרונג פון יק"א וועט לאַנג קענען געדויערן: די מיינונגען פון אונזער פאָלק וועלען דאָך, ווי מען האָפט ווירקען, דאָס יק"א זאָל דעם ישוב ניט ברעכען, דאָס ווען זי זאָגט, דאָס זי וויל פערפעסטיגען, פערבעסערן די קאָלאָניען, זאָל זי עס טוהן אין דעם זין ווי אַלע פערלאַנגען, דאָס הייסט, צו געבען זיי די מעגליכקייט צו איין זעלבסטשטענדיגקייט צו קומען. אין דעם זין האָבען די טעג איבערגעגעבען שריפטליך אַלע קאָלאָניען פון יהודה זייערע פאָרשלעגע פאַר דעם צענטראַל-קאָמיטעט אין פּאַריז.

דער אַלגעמיינער קאָמיטעט פון אַלע קאָלאָניען האָט פערלאַנגט: דאָס קיין קאָלאָניסט זאָל פון דעם פּלאַץ ניט געריהרט ווערען; דאָס די טרויבען פון די וויינגערטנער זאָלען קענען אין גאַנצען צוגענומען ווערען; דאָס זיי זאָלען קענען אַליין אַרבייטען ביים ווייןפערקויף אויך אין די קעלערן; דאָס נאָך דריי יאָהר, ווען זיי וועלען אין דער זאַך אַרבייטען, נעמען זיי אַלעס איבער אויף אייגענע ריזיקע, ביי די פּריזען אויף די טרויבען נאָך דעם וויינפערקויף, און ענדליך די אַלע פּונקטען און דעטיילס אויסצואַרבייטען זאָל אויסגעקליבען ווערען אַ געמישטע קאָמיסיאָן פון יק"א און די קאָלאָניסטען.

ווי מיר זעהען, זענען אונזערע קאָלאָניסטען ניט אויפגעלעגט צו מאַכען אַ לוסט-רייזע נאָך פּאַריז, זיי בעטען מען זאָל צו זיי קומען; דען גענוי וויסען קען מען נור ווען מען איז אויף דעם פּלאַץ! דורך די קאַנצעליאַרסקע ראַפּאָרטען וועט מען צו קיין ענדע קומען. די קאָלאָניסטען האָבען פאַר זיך נור דעם צוועק צו אַרבייטען און צו ווערען זעלבסטשטענדיג און זענען גרייט אויף אַלעס; די קאָלאָניסטען האָבען אָבער אויך פעסט בעשלאָסען אונזער היילינעס לאַנד ניט צו פערלאָזען! דאָס אַלעס האָבען זיי שריפטליך דעם פאָרשטעהער פון יק"א איבערגעגעבען אין נאָמען פון צוויי הונדערט קאָלאָניסטישע פאַמיליען. וואָס וועט מען זיי אָבער ענטפערען? דאָס וואַרטען אַלע מיט אונגעדולד!

דער אַלטער ציוניסט.

## בריעף פון לאָנדאָן.

(ענדע).

דאָס איז ווירקליך אַ זאַך צום בעדויערן, דאָס די קהלה זינקט וואָס טיפער, דאָס דאָס יודענטהום אין ענגלאַנד איז געבראָכען, און האַלט ביי צופאַלען און פערשווינדען ווי די ספרדישע קהלה איז פערשוואונדען. די גרויסע מענשען צווישען די ענגלישע יודען זענען צושטאָרבען, זייערע קינדער זענען אַזעלכע, וואָס אָדער זיי ענטזאָגען זיך אין גאַנצען פון יודישקייט אָדער זענען זיי אַזוינע קליינע מענשליך, וואָס זענען גאָר נישט ווערט. די מאָנטעפיאָרעס, דיא גאָלדסמיטהס, די סאַלאָמאָנס זענען מעהר נישטאָ; מיר האָבען איצט אויך אין פּאַרלאַמענט מעהר פון אַ מנין יודען, אָבער ניט איינער פון זיי איז פעהיג די יודישע אינטערעסען צו פערטהיידיגען. די מעהרסטע פון זיי זענען זיידענע יונגע לייטליך, וואָס האָבען מעהר געלד ווי פערשטאַנד; דאָרטען זענען אויך דאָ אַזעלכע, וואָס זייער אַנטיפּאַטיע צו יודען איז גוט בעקאַנט. איינער פון זיי, אַליין אַ געבאָרענער אין אויסלאַנד, האָט זיינע אויסקלויבער צוגעזאָגט צו ווירקען אין פּאַרלאַמענט, דורכצופיהרען אַ געזעץ צו ערשווערען די פרעמדע איינוואַנדערונג. די בעקאַנטע טהעטיגקייט פון די ענגלישע יודען מיט דרייסיג אָדער פערציג יאָהר צוריק, זייער אינטערעס צו די יודען פון אויסלאַנד איז יעצט אין גאַנצען פערשוואונדען. אַנשטאָט צו העלפען זייערע ברידער אין נויט, וועלען זיי בעסער ערקלערען, דאָס קיין נויט עקזיסטירט נישט. הערר קלוד מאָנטעפיאָרע, דער פּרעזידענט פון דער בעריהמטער ענגליש-יודישע פערייניגונג האָט ערפונען דעם געדאַנק, דאָס די פּראַגע פון די רומענישע יודען הייננט אָב נור פון רומעניען אַליין, די יודען פון יענעם לאַנד דאַרפען זעהן זייערע שווירינקייטען אַליין איבערצוקומען, און דאָס עס איז ניט פּראַקטיש פאַר די יודען פון איין לאַנד זיך אַריינצומישען אין די געשעפטען פון די יודען אין איין אַנדער לאַנד. דאָס איז דאָס פּראָגראַם וואָס דאָס אָפיציעלע יודענטהום האָט אָנגענומען, ווייל אויב אַזאַ פּראָגראַם שטימט ניט מיט די פאָדערונגען פון גערעכטיגקייט, דערפאַר איז עס אָבער זעהר בעקוועם. ווען די יעצטיגע ענגלישע יודען וואָלטען געלעבט אין דער צייט פון גרויש שפּאַניען וואָלטען זיי געוויס אויך געזאָגט דאָס די הילף פון די שפּאַנישע יודען דאַרף קומען נור פון שפּאַניען אַליין...

ווי איך האָב געזאָגט איז די פערגליוועדונג, וואָס האָט אָנגענומען די ענגלישע יוזען, זעהר שטאַרק צו בעדויערן, ווייל זי קומט פּונקט אין אַזאַ צייט, ווען עס איז גראָד נייטהיג די העכסטע ענערגיע. מיר לעבען דאָ ניט אַזוי גליקליך, ווי יודען אין אַנדערע לענדער מיינען, מיר זעהען גוט, דאָס עס קומען פינסטערע טעג, דער אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט אייראָפּאַ פערפלייצט שטעהט איצט אויך ביי אונז אויפ'ן שוועל. וואָס אַ פאָרמע ער וועט דאָ אָננעמען, דאָס קען קיינער ניט זאָגען, געוויס איז אָבער — זיכער דאָס ער קומט אָן.

צייכענס פון שנאה צו יודען האָבען דאָ קיינמאָל ניט געפעהלט, איצט אָבער געהט דאָס פיעל ווייטער, און די ענגלישע יודען אפילו,

וואס האבען ביז איצט אין די מעגליכקייט פון אנטיסעמיטיזם אין ענגלאנד ניט געגלויבט, האבען זיך אויך דערשראקען און ד"ר אדלער האט אין א דרשה געשריען אז דאס „רשעות" פון אויסלאנד קומט אן אהער.

צייט מעהר ווי א יאהר ווי א סיסטעמאטישע העטצע ווערט געפיהרט געגען די יודען, איין פארטיי פאלט אן אויף די רייכע, די צווייטע אויף די ארימע. די ערשטע בעשולדיגט די יודען, דאס זיי האבען די מלחמה אין אפריקא ארויסגערופען, זי הערט ניט אויף צו אגיטירען געגען דעם צו גרויסען איינפלוס, וואס די רייכע יודען האבען דא, און וואס זיי בענוצען צו זייער אייגענעם צוועק, בעת איין אנדער פארטיי וויל אלע סאציאלע שוועריגקייטען ענטשיידען דורך די יודישע פראגע. עס פעהלט הייזער אין לאנדאן—ווער איז שולדיג? די ארימע יודען, יודען וואס קומען אן און הויבען די פרייזען פון דירות. עס איז דא וועניג ארבייט—ווער איז שולדיג, אויב ניט די פרעמדע יודען? די קאנסערוואטיווע צייטונגען פון איסט לאנדאן פערלאנגען, דאס עס זאלען נעגרינדעט ווערען חברות צו בעקעמפפען די יודען. ביי די לעצטע וויבארעס צום פארלאמענט האבען די קאנסערוואטיווען אין איסטענד אפען געזאגט, דאס די וויכטיגסטע פראגע פאר די איסטענדער איינוואהנער איז, אויב וויטשעפיל זאל אויף ווייטער פערבלייבען דער מיסטקאסטען פון דער וועלט אדער ניט? אלע קאנסערוואטיווע קאנדידאטען האבען צוגעזאגט צו ערשווערען די פרעמדע איינוואנדערונג.

מיט די געזעצען געגען איינוואנדערער מיינט מען דורכאויס פרעמדע יודען, פיעל קאנדידאטען האבען דאס גאנץ אפען ארויסגעזאגט. און דאך האבען לארד ראטשילד און פיעל אנדערע פארנעהמע יודען אפען אונטערשטיצט די דאזיגע קאנסערוואטיווע קאנדידאטען. נאך טרויעריגער איז, וואס דיזעלבע קאנסערוואטיווע קאנדידאטען האבען אויך געהאט די שטיצע פון דער ענגליש־ציוניסטישער פערייניגונג, וואס האט זיך מיט איהר לייב און זעעלע אריינגעווארפען אין די לעצטע וויבארעס און האט געטהון זאכען, אויף וועלכע זי האט שפעטער חרטה געהאט. דערווייל אבער איז ווערט צו בעמערקען דאס אין דער צייט פון קריזיס שטעהען מיר דא אין גאנצען אהן הילף. דאס יודענטהום אין ענגלאנד איז אהן לעבען, אהן טהעטיגקייט און אהן ענערגיע. דאס איז א פאראליזירטער קערפער, ווי די יודען אין אלע אנדערע מערב־לענדער פון אייראפא.

י. ל. דאלידאנסקי.

---

## צייטונגס־שטימען.

ראטהשילדס טויט און ר. בריינין'ס הספד.

ווילהעלם ראטהשילד, דער „פראנקפורטער ראטהשילד", דער גרויסער מיליאנער, וועלכען די מיליאנען האבען ניט אבטריניג געמאכט פון בלאט גמרא און פון יראת שמים, האט אויסגעלעבט זיינע 73 יאהר. די יודישע פרעסע האט זיך וועניג וואס מיט איהם בעשעפטיגט. נאר איין ר. בריינין האט אין „הצפירה" נר. 16 געמאכט אויף איהם א קליינעם אבער א קלוגען הספד. ה. בריינין שרייבט:

„מען קען נאך פיהרען א שמועס וועגען דעם, ווער איז דער גרעסטער חכם ביי יודען; מען קען פיהרען א פלוגתא, ווער איז דער גרעסטער גאון ביי יודען, און וועגען דעם, ווער איז דער גרעסטער רבי, פיהרען נאך עד היום מחלוקות די בעלזער מיט די קאצקער, אבער איהר וועט ניט געפינען אזא משוגע'נעם, וואס זאל ניט מסכים זיין פון גאנצען הארצען, דאס ראטהשילד איז דער גרעסטער „נגיד" און דער גרעסטער „בטוח" ביי יודען. דער ארימער יוד פון איישישאק ווערט מלא שמחה, בשעת ער דערמאנט זיך דאס ראטהשילד האט אזוי פיעל גאלד אין די אייזערנע קאסטענס, דאס ראטהשילדס הכנסה איז אזוי גרויס דאס עס איז גאר ניט צו בעשרייבען, דאס שרים און פירסטען לייהען ביי איהם א שענע מטבע...

דאס וואס ראטהשילד איז אזוי בעקאנט ביי אלע קלאסען יודען, און דאס וואס יעדער ווערט בטל און מבטל ביי'זיך, ווי באלד נאר ער האט צו טהון מיט א ענין, אדער מיט א מענשען, וואס איז נור א פערד'ס פוס פאטקאווע פון ראטהשילדס הויז, דאס בעווייזט ווי טיעף דער גלות האט אויף אונז געווירקט. דער צובונד "וואס מיר האבען צו די ראטהשילדס, איז א סמן פון דער מאטעריעלער און גייסטיגער ארימקייט פון אונזער פאלק".

נאר דער אייגענער גלות, וועלכער האט אונז אזוי אויסגעליידינט, ליגט אויך ווי א פינסטערער וואלקען אויפ'ן פראנקפורטער ראטהשילד. גאלד אליין מאכט נאך ניט גליקליך. מען מוז פערשטעהען אויך ווי זיי צו געברויכען.

"דער פראנקפורטער ראטהשילד", שרייבט ווייטער בריינין, "האט קיין הנאה ניט געהאט פון עולם הזה. ווי א שאטען איז ער געגאנגען דורך די פראכטיגע צימערען פון זיין טייערן פאלא'ץ. זיינע בעדערפנישען זענען געווען קליין. זיין גאנץ לעבען האט ער אבגעלעבט ווי א מין פרוש. גרויס איז געווען זיין כח צו קלייבען און זאמלען, און ווייטער צו קלייבען, און קיין מאל ניט צו פערליערען פון דעם, וואס ער האט אנגעקליבען. אבער עס האבען איהם געפעהלט די פעהיגקייטען, פון דעם, וואס ער האט אנגעקליבען, הנאה צו האבען, צו געניסען פון זיין רייכטהום און צו פערדויען דאס וואס רייכטהום און כבוד קענען געבען א מענשען. דער פינסטערער וואלקען, וואס איז געלעגען ווי א בליי אויף די קעפ פון די פראנקפורטער יודען מיט 100 יאהר צוריק, איז ניט געוויכען פון דעם איצטיגען "פראנקפורטער" און האט בעדעקט זיין פנים מיט א שווערען אומעט". דעם פראנקפורטער ראטהשילד האבען די געלד ניט גליקליך געמאכט.

א. ע.

---

## צום בילד.

דאס בילד שטעלט פאר דעם מאמענט ווען לבן האט געהערט פון זיין יונגסטע טאכטער רחל אז זיין שוועסטערס זוהן יעקב איז געקומען. ער לויפט איהם אקעגען און דריקט איהם מיט ליעבשאפט די האנד. ווי עס שטעהט געשריעבען, איז די יונגע רחל א יפת־תואר און מיט א שענעם געשטאלט. זי איז גלייך ווי איהר פאטער צופריעדען וואס צו זיי איז געקומען איין „אייגענער" קרוב און קוקט אויף יעקב'ן מיט שמחה. ער האט נור וואס אראבגעקאטשעט דעם שטיין פון ברינען און אנגעטרונקען איהר שאף וועלכע זי האט געפאסעט. יעקב האט זי פאר איהר שיינקייט ליעב געקריעגען און איצט דריקט ער די האנד פון איהר פאטער מיט א שווייגענדיגע בקשה אהן ווערטער... ער וויל ביי לבן־ן חן האבען, ער זאל איהם ניט אבזאגען און איהם אוועקגעבען די שענע רחל פאר א פרוי, ער איז נרייט ביי איהם צו ארבייטען זיבען יאהר אום זי צו פערדיענען. דאס אלעס לייענט מען אויף זיין געזיכט וואס זעהט אויס אזוי שעמענדיג מיט אראבגעלאזטע אויגען...

נעבען זיי פאסען זיך די שאף און פון דערווייטענס זעהט מען דעם ברינגען פערלעגט מיט שטיינער.

א בילד, א שענעס בילד וואס דערמאנט אונז די קינדער יאהרען, ווען מיר האבען הומש אנגעהויבען לערנען און פון קינדווייז אן ליעב בעקומען אונזער מיטער רחל גלייך מיט יעקב'ן.

## מען שרייבט אונז.

ש. גרינבערג פון הערסאן: דאס מעהר יודישע קאלאניעס, וועלכע נעפינען זיך אין אונזער גובערניע, לעבען איצט איבער א שלעכטע צייט. קיין ברויט איז היינטיגס יאהר ניט גערא֗טען, צו פערדיענען א גראשען מיט דעם פערד און וואגען ווי דער שטייגער איז ביי דעם קאלאניסט אין דער ווינטער צייט, איז אויך ניטא וואו, ווייל דער מסחר איז נעפאלען און עס איז ניט דא קיין סוחרים, וואס זאלען דינגען פוהרען אויף ברויט צום באהן אדער צו פיהרען סחורה פון באהן. די טעג האבען די יודישע קאלאניסטען פון דאברע געשיקט זייערען א אויסגעקליבענעם שליח צו אונזער הערסאנער קהלה, מען זאל זיי אויסהעלפען אין דער שלעכטער צייט, צום בעדויערען אבער איז דער אויסגעקליבענער אוועק פון אונז מיט ליידיגע הענד. אונזער קהלה האט געענטפערט אז ביי איהר אין קאסע איז היינטיגס יאהר ניט דא קיין איבריג געלד אויף צו העלפען, דער אומגליקליכער שליח איז צו פיס אוועק א היים, ניט געהאט אפילו אויף דער הוצאה. דאס איינציגע וואס מען האט געטהון פאר די דאברער יודישע קאלאניסטען, וואס אונזער הערסאנער יודע האבען זיך געווענדעט מיט א ביטע קיין פעטערסבורג, צו דער "געזעלשאפט צו העלפען יודישע אקערבויער און בעלי מלאכות", אז זי זאל העלפען די אומגליקליכע דאברער קאלאניסטען. מען האפט אז די געזעלשאפט וועט ניט לאזען אזוי אויף הפקר אהן שום הילף די יודישע ערדארבייטער אין דער שלעכטער צייט.

א. ל—ן פון דובנא (וואהל. גוב.): היינטיגען חודש האט זיך ביי אונז געעפענט א נייע הויז פאר דעם בקור הולים, וואס די יורשים בורשטיין האבען אייסגעבויט לויט די צואה פון זייער פאטער. די יורשים האבען זייער פאטערס צואה מקיים געוועזען "מיט א צונאב", און אונזער שטאדט איז זייער דאנקבאר, ווייל דאס בקור חולים האט זיך שוין לאנג גענייטיגט אין א ניי הויז. דאס "מושב זקנים" וואס האט זיך אויך געפינען אין בקור הולים, וועט מען איצט אימשטאנד זיין אויך צו פערבעסערען.

אי"ש פון טעראספאל (חערס. גוב.): פאריגעס יאהר א דאנק פרוי קראסנאסעלסקע האט זיך ביי אונז געעפענט א זונטאג־שולע פאר יודישע ארבייטס מיידליך און פרויען. די שולע האט עקסיסטירט אין גאנצען 10 חדשים, שילערינען האבען זיך דארט געצעהלט 80. איצט, זייט די יודישע זונטאג־שולע האט זיך פערמאכט, האבען די יודישע מיידליך אנגעהויבען געהן אין דער קריסטליכער זונטאג־שולע, וועלכע געפינט זיך ביי אונז זייט צוויי יאהר. די צאהל פון יודישע שילערינען זענען אזוי גרויס, אז די קריסטליכע זונטאגס שולע איז ניט אומשטאנד אלע צוצונעמען. ווען אונזערע אינטעלינענטע יודישע פרויען וואלטען זיך מעהר אינטערעסירט מיט דער יודישער שולע, וואלט זי זיך ניט פערמאכט. ליידער געפינען זיך ביי אונז וועניג אינטעליגענטע פרויען, וואס פיהלען ווי נייטהיג עס איז אזא שולע פאר יודישע מיידליך, וועלכע דארשטען עפיס אויך וויסען.

י. ליפשיץ פון קישינעוו: נאך פאר א יאהרען איז ביי אונז נעגרינדעט געווארען א "קאמיטעט צו העלפען יודישע הונגעריגע" און ביז איצט עקסעסטירט דער קאמיטעט, ווייל דער הונגער האט אין בעסעראביע ניט אויפגעהערט און די נויט ווערט גרעסער, די קאסע פון דעם קאמיטעט ווערט אבער ליידינער, דער קאמיטעט פערמאגט איצט אין גאנצען 5500 רובל. די שטאדט הוריעוו פאדערט הילף אמווייניגסטען 700 רובל א חודש, סאראקא 1400, צו דעם לויפען אן יעדען טאג נייע בקשות אויף הילף פון די בעסאראבער שטעדטליך רעזינע קאלאראש, טעלענעשט, דאמבראווסקע און נאך אנדערע.

י. ג. פון ארשא (מאהל. גוב.): די פראגע "וואס טהוט מען מיט אונזערע קינדער" הערט ביי אונז ניט אויף צווישען די עלטערן, וואס ווילען, אז זייערע קינדער זאלען בעקומען עפיס א העברעא בילדונג. די שטעדטישע שולע, וואס בעשטעהט אין גאנצען פון דריי קלאסען, קען ערשטענס ניט צונעמען אלע קינדער, וועלכע ווילען לערנען; און צווייטענס, וואס זאל מען ווייטער טהון מיט די קינדער, וואס האבען שוין געהאט דאס גליק די שולע צו ענדיגען. די טעג האט אונזער שטאדט בעזוכט דער פאפעטשיטעל פון ווילנער ראיאן און האט אונזערע איינוואהנער דערפרעהט מיט א גוטער בשורה, אז אונזער שטעדטישע שולע וועט אין גיכסטען ווערען א האנדעלסשולע מיט 6 קלאסען. דאן וועט די שולע מעהר קינדער קענען צונעמען און אויך געבען א העברעא בילדונג. אונזער שטאדט האט אויך פארגעלעגט אין מיניסטעריום פון פאלקסבילדונג, אז מען זאל ביי אונז עפנען א גימנאזיע אדער א רעאלשולע און וויל דערויף געבען 20 טויזענד רובל.

## די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** — פרישע לופט. ווער עס וויל גענייסען רוהה און פרישע לופט, דער זאל פאהרען קיין קרשעשאוויצע. ה' ראובן נייפעלד און זיין פאמיליע פון קראקא זענען ארויסגעפאהרען אויף זומערצייט אין דארף קרשעשאוויצע נעבען קראקא. די פויערים פון דארף האבען נישט געוואלט ליידען די יודען ביי זיך און זיי נישט געלאזט רוהען; די יונגליך האבען געווארפען שטיינער און פערשמיערט די שויבען פון זייער וואהנונג מיט קויטה. דעם יונגען איידעם פון ה' נייפעלד האט די זאך פערדראסען און האט דערפאר געזידעלט די פויערים. די פויערים האבען אנגעקלאגט נייפעלד'ס איידעם אז ער האט מבזה געוועזען זייער אמונה, און מען האט איהם דערפאר ארעטירט. נייפעלד מיט זיין פרוי האבען געוואלט שווערען אז די מעשה איז ליגען, און אז זייער איידעם האט נישט מבזה געוועזען די קאטוילישע אמונה, אבער 6 יונגע פויערים פון דארף האבען געזאגט דעם היפך, און דעם 2־טען יאנואר האט מען פעראורטהיילט נייפעלדס איידעם אויף 4 מאנאטע געפענגניס, נייפעלד'ן אליין — איין אלטען מאן פון 70 יאהר — און זיין ווייב איך 6 וואכען, און זייער טאכטער — אויף 2 חדשים געפענגניס. אויסערדעם האט איין רעדאקטאר פון איין אנטיסעמיטישער צייטונג געשראקען די קראקויער אדוואקאטען, אז זיי זאלען נישט נעהמען אויף זיך די פערטהיידיגונג פון די יודען, און נאר די לעצטע מינוט האבען די בעשולדיגטע געקריגען איין ארעמען קריסטליכען אדוואקאט, וועלכער האט אנגענומען זייער "ספראווא", די בעשולדיגטע האבען אפעלירט געגען דעם פסק.

**רוסלאנד.** — די בירז' וויעדאמ' זענען מודיע אז, איידער עס וועלען דורכגעזעהען ווערען אלע געזעצען וועגען יודען, איז בעשלאסען געווארען צו אומארבייטען די יודישע צדקה־חברות, וועלכע האבען נישט קיין שום תקנות אדער אזאלכע תקנות, וועלכע זענען שוין פערעלטערט געווארען. בעזונדערס וועט מען אכט געבען אויף די חברה קדישא'ס אומעטום, וועלכע ווערען געפיהרט אהן איין ארדנונג.

— סענאטסערקלערונגען. אין דעם משפט פון מאן און ווייב שטילמאן, וועגען דער שאלה, אויב עס געהערט צום געריכט אז ער זאל ערקענען זייערע קינדער פאר כשר'ע, האט דער סענאט ערקלערט, אז יודען, וועלכע האבען נישט קיין געהעריגע דאקומענטען וועגען געבארען פון זייערע קינדער פון א געזעצליכער חתונה, האבען דאס רעכט צו פערלאנגען, אז מען זאל געריכטליך ערקענען זייער קינדער פאר כשר.

די ערקלערונג איז זעהר וויכטיג פאר יודען, ווייל עס טרעפט זיך אפטמאל, דאס יודישע קינדער ווערען נישט איינגעטראגען אין דער צייט אין די מעטריצעסקע ביכער און פערליערען דורך דעם דאס רעכט אויף לגאטעף.

די געזעצליכקייט פון געבארען קען מען בעווייזען אין געריכט נישט נור דורך שריפטליכע דאקומענטען, נאר אויך דורך עדות, פאר דעם לעבען פון די עלטערן און אויך נאך זייער טוידט. (Woschod N 6).

— דעם "וואסחאד" איז מען מודיע, אז די פערטהיידיגער פון בלאנדעס מוראנאוו, ספאסאוויטש און גרוזענבערג האבען דערלאנגט אין סענאט א קאסאציאנס ביטע אויף דעם פסק־דין, גלייכצייטיג האבען דערלאנגט א פראטעסט געגען פסק אויך דער פראקוראר אבאווסקי.

— אין פעטערסבורג איז געשטארבען ה' ה. א. שפירא, פראפעסאר אין אינסטיטוט פון דער גראספירסטין העלענא פאוולאוונא. פיעל פראפעסארען און גרויסע בעאמטע האבען איהם מלוה געוועזען, דר. דראבקין האט געזאגט אויף איהם איין הספד.

— דער קיעווער גובערנאטאר האט ארויסגעגעבען א בעפעהל צו דער פאליציי פון קיעווער גובערניע, אז זי זאל טהון אלע נייטהיגע מיטלען, כדי געשווינדער אויפצומאהנען ביי יודען דעם ליכט־אבצאהל און אויף ווייטער נישט צולאזען אז חובות זאלען זיך אנזאמלען, ווייל דאדורך קען מען נישט ארויסשיקען אין דער צייט די געלדער צום אויסהאלטען פון די יודישע שולען. דער "וואסחאד" בעמערקט אויף דעם, אז עס איז נישטא קיין ערנסטער גרונד, אז מען זאל צווינגען יודען צו בעצאהלען דעם ליכט־אבצאהל, ווייל, איינמאל, זענען די

יודען אין קיעווער גוב' זעהר פערארעמט געווארען דורך דעם נישטגערעכטעניש און צוויטענס געפינען זיך אבגעלעגטע קאפיטאלען פון דעם אבצאהלען, וועלכע בעטרעפען לויט דעם חשבון פון קייזערליכען קאנטראל פר 1/1 1899 713,666 רובעל.

— אבענדקורסען. ווי עס איז ידוע, האט דער מיניסטער פון פאלקס־בילדונג עמפפאהלען איינצוריכטען ביי די פראפעסיאנס מיטעל־און טעכנישע שולען און אויך פאבריקען אבענדקורסען פאר ערוואקסענע. אזעלכע קורסען זענען שוין דא אין איניגע ערטער און אויף זיי לערנט מען די יסודות פון חעמיע, פיזיק, מעחאניק, טעכנאלאגיק, מאלען אד"ג. אויף די אבענדקורסען וועלכע זענען נישט לאנג איינגעריכטעט געווארען ביי דער ביאליסטאקער רעאל־שולע, זענען 70 % בעזוכער יודישע בעלי־מלאכות און ארבייטער, אין פינסק — 82 %, און אין ווארשוי ביי דעם ווארשויער אינדוסטריא־מוזעאום אויך דער רוב בעזוכער יודען.

— רובינשטיינ'ס "שולמית". "די חברה פון מוזיקאלישע פעדאגאגען" אין פעטערסבורג האט לזכר פון בעריהמטען קאמפאזיטאר אנטאן רובינשטיין פארגעשטעלט די ביבלישע אפערע פון רובינשטיין "שולמית". די אפערע שולמית איז ווייניג בעקאנט דעם פובליקום, און אויסער איינמאל פאר רובינ־שטיינ'ס לעבען איז זי איצט דאס ערשטע מאל פארגעשטעלט געווארען. דער אינהאלט פון דער אפערע איז גענומען פון שיר־השירים: שלמה המלך האט אראבגעבראכט די שענע שולמית פון בארג לבנון און אריינגענומען צו זיך אין פאלאץ, זי בעוויינט איהר מזל און דערמאהנט אלעמאל איהר געליעבטען פאס־טוך (ערשטעס בילד). דער יונגער פאסטוך אויף די בערגער פון לבנון הערט נישט אויף צו קלאגען נאך זיין געליעבטער שולמית (צווייטעס בילד). די גע־ליעבטע זעהען זיך שטילערהייט אין שלמה'ס פאלאץ, אנטלויפען ענדליך, און ווערען פערהאלטען דורך די שטאדטישע וועכטער, וועלכע פיהרען זיי אוועק אין טיורמע (3־טעס בילד). דער מלך שלמה ווערט גערוהרט פון דער ליעבע פון שולמית און דעם פאסטוך, בעפרייעט זיי פון געפענגעניש און ערלויבט זיי חתונה צו האבען (4־טעס בילד). די מוזיק שטעהט פיעל העכער ווי דער אינ־האלט פון דער אפער. בעזונדערס צייכנען זיך אויס מיט זייער שענקייט די געזאנגען פון פאסטוך און שולמית און דער כאר פון די פאסטוכער און פאס־טושקעס.

*

**דייטשלאנד.** — די "פאסישע צייטונג" איז מודיע, אז בשעת קייזער ווילהעלם איז נישט לאנג געוועזען אין האמבורג האט ער געזאגט דעם גענעראל־דירעקטאר פון א שיפגעזעלשאפט באללין (א יוד), אז ער שטעהט נישט אויף דער רעכטער שטעלע און עס מוז געזארגט ווערען, אז ער זאל בעקומען א שטעלע ווי ער איז ווערט. "יא, מאיעסטעט", האט געענטפערט באללין, "זי וויסען דאך אבער נישט..." דער קייזער האט איהם אונטערבראכען און געזאגט: "וואס וויים איך נישט? אז זי זענען א יוד? ־ דאס איז מיר גאנץ גלייכגילטיג, דאס מאכט מיר ניט. דאס קענען זי יעדעם זאגען".

— דעם 10־טען פעברואר ווערט דער ראבינער דר. י. רילף 70 יאהר אלט. דר. רילף איז ווי עס איז בעקאנט, איינער פון די עלטעסטע חובבי ציון און א מחבר פון איניגע ציוניסטישע ווערק. לכבוד זיין 70־יאהריגען יובילעאום האט זיך אין מעמעל געבילדעט א קאמיטעט, וועלכער וועט איהם דערלאנגען איין מתנה אין נאמען פון דער שטאדט, וואו דר. רילף איז געוועזען לאנגע יאהרען ראבינער.

*

**אזיען.** — די ענגלישע ציוניסטישע פעראייניגונג אין לאנדאן האט בעקומען א ידיעה אויס ראנגין בירמא (אינדיען) פון ה' סאפער, אז דארט האט זיך געגרינדעט א ציוניסטישע חברה, וועלכע האט שוין א שען ביסיל מיטגליעדער. דאביי האט ה' סאפער אריינגעשיקט 3 פונט סטערלינג, וועלכע זענען איינגעצאהלט אלס שקלים פון די מיטגליעדער.

*

**מאראקא.** אין מאראקא זענען דא 2 מיני יודען, יודען, וועלכע וואהנען נעבען ברעג, און יודען, וועלכע וואהנען אינעווייניג אין לאנד. די ערשטע רעדען הישפאניש און זעהען אויס צו זיין קינדס־קינדער פון די יודען, וועלכע זענען אמאל געווארען ארויסגעטריעבען פון שפאניען. די לעצטע רעדען אראביש אדער בערבעריש און וואהנען אין לאנד פון גאנץ לאנגע צייטען. די שפאנישע יודען זענען מעהר אדער ווייניגער געבילדעט, פיהרען גרויסע געשעפ־טען און לעבען נישט שלעכט. די אנדערע אבער ווערען זעהר געדריקט פון דער ממשלה און זענען ארים און אונוויסענד. אויסער די צוויי מיני יודען זענען נאך דא האלב־יודישע שבטים, וועלכע וואנדערען ארום ווי די בעדואינען אין דער מדבר. זיי האלטען זיך פאר יודען, האטש זיי זענען אין פיעל זאכען גלייך צו די מאחמעדאנער. די בעקאנטעסטע האלב־יודישע שבטים זענען דאנאטין און מעספאדשרי, וועלכע פיהרען אפט מלחמות מיט זייערע שכנים און לעבען א פריי אונאבהענגיג לעבען. אין דער הויפטשטאדט פון מאראקא פעץ, אין וועלכער עס איז דא 100,000 איינוואהנער, לעבען בערך 10,000 יודען, אין דער שטאדט מאראקא אויך 10,000 יודען, אין טעטואן איז אויך דא פיעל יודען, אין דער האפען־שטאדט טאנזשער וואהנען בערך 5000 יודען. טאנזשער איז די איינציגע שטאדט, וואו די יודען מעגען וואהנען אויסער דעם "געטטא" די חברה אליאנס אין פאריז האלט אויף איניגע שולען אין מאראקא, וועלכע האבען פיעל געטהון פאר דער בילדונג פון די מאראקאנישע יודען.

## אלגעמיינע וועלט נייעס.

**רוסלאנד.** — נעבען באקו האט אויסגעבראכען א שרעקליכע שרפה אין דעם שפייכלער פון ראטהשילד, אין וועלכען עס האבען זיך געפונען בערך 5 מיליאן פוד נאפט. דער ברענענדיגער נאפט האט פערפלייצט אין איין רגע פיעל געביידען ארום און ארום, אין א מרחק פון 2 ווערסט. עס זענען פערברענט און אבגעבריהט געווארען בערך 160 מענשען. דער שאדען טרעפט אן מעהר ווי 6 מיליאן רובעל.

*

**ענגלאנד.** — די קעניגין וויקטאריא. די קעניגין וויקטאריע האט זיך זעהר שטארק אינטערעסירט מיט דרייפוס משפט פון אנהויב ביז'ן סוף. דרייפוס'ן האט זי נישט אנדערש גערופען ווי "דער צדיק". אין דער צייט פון רענגער משפט האט זי געהייסען איהר געזאנדטען, אז ער זאל איהר יעדען טאג מודיע זיין אלע פרטים. בעקומענדיג די ידיעה וועגען רענגער פסק־דין האט זי תיכף דעפעשירט דעם געזאנדטען: "איך דאנק אייך פאר אייער דעפעשע. איך האף אז ער וועט אפעלירען געגען דעם שרעקליכען פסק־דין". מען דערצעהלט אז אוועקשיקענדיג די דעפעשע איז זי אוועק אין איהרע צימערן, כדי מתפלל צו זיין פאר "דעם צדיק" און זיין פרוי.

— די היזקות פון דער טראנסוואאלער קריעג. האטש אפיציעל האט שוין די מלחמה צווישען ענגלאנד און טראנסוואאל אויפגעהערט, און מען שלאגט זיך איצט נאר חאפענדיג, פון רעסטוועגען קאסט די מלהכה אויך לעצ־טע צייט גענוג בלוט און געלד. במשך פון מאנאט דעצעמבער זענען געשטאר־בען פון ענגלישען חיל דורכשניטליך 177 מענשען א וואך, בעת אין דער צייט פון דער רעכטער מלחמה זענען געשטארבען 190 מענשען וועכענטליך. צוזאמען זענען ביזהער געפאלען פון ענגלישען חיל 12,500 מאן און 38 000 מאן זענען געווארען קאליקעס. די חובות פון דער ענגלישער רעגיערונג האבען זיך פער־גרעסערט אויף 1 מיליארד רובעל. די אויסערארדענטליכע הוצאות פון דער רע־גיערונג האבען זיך אויך פערגרעסערט אויף 20־מיליאן רובל וועכענטליך. דאס איז אליין היזקות פון דער רעגיערונג אליין; אויסערדעם האט די סוחרישע וועלט געהאט גרויסע היזקות דורך פאלען פון האנדעל און קורס־ערניעדריגונג פון די ענגלישע ווערטפאפיערען.

*

**חינא.** — דער הונגער אין חינא. דער "מארנינג פאסט" איז מודיע אז לויט די ידיעות אויס סינגאנפו הערשט אין די פראווינצען שאנזי און שענזי א שרעקליכער הונגער. כמעט $^{2}/_{3}$ פון די איינוואהנער האבען נישט וואס צו עסען. דערצו איז נאך דער ווינטער זעהר א קאלטער און עס איז א גרויסער מאנגעל אין הייצ־מאטעריאל. מען צוהאקט הייזער און מען ברענט, כדי צו דערווארמען זיך. עס טרעפען זיך פיעל פעלע פון מענשען־פרעסעריי. דער פרינץ צינג האט אליין מודיע געוועזען, אז דאס פאלק מוז עסען מענשען־פלייש און פערקויפט די ווייבער און קינדער אויף עסען.

אין די פראווינצען שאנזי און שענזי וואהנען בערך 21 מיליאנען מענשען.

— די חינעזישע פרעסע. אין פעקין ערשיינט שוין במשך פון 200 יאהר איין אפיציעלע טעגליכע צייטונג אין חינעזישער שפראך. זי הייסט "קין־באא" (הויפטשטאדט צייטונג) און דרוקט זיך עד היום מיט הילף פון הילצערנע צייכענס. די איבעריגע חינעזישע צייטונגען האבען אנגעהויבען צו ערשיינען פיעל שפעטער, נאכדעם ווי די אייראפעער האבען גענומען דרוקען צייטונגען אין ענגלישער שפראך מיט ביילאגען אין חינעזיש. איצט ערשיינען אין פעקין עטליכע צעהנדליגער טעגליכע צייטונגען אין חינעזיש, און איין וועכענט־ליכעס אילוסטרירטעס בלאט. פון קיין דיקע מאנאטשריפטען וויסען לעת־עתה נישט די חינעזער.

ווי עס איז ידוע, שרייבען די חינעזער פון רעכטס אויף לינקס און פון אויבען אראב, און בענוצען דערום צום שרייבען לאנגע און שמאלע פאסען פא־פיער. די צייטונגען בעשטעהען אויך געוועהנליך פון 8 קליינע און שמאלע בלעטליך. דאס דרוקען קומט די חינעזער אן זעהר שווער, זיי האבען נישט קיין אלף־בית, נאר בעזונדערע צייכענס אויף יעדען ווארט. די צייכענס זענען פונאנ־דערגעלעגט אין בעזונדערע קאסטענס און די זעצערס מוזען ארומלויפען פון איין קאסטען צום אנדערען. אויב עס פעהלט ווי אמאל א צייכען שניידען זיי איהם תיכף אויס פון בליי.

### ווינטער.

פערוויסטע, פערטרויערטע זענען די פעלדער,
ניטא קיין פונק לעבען, געשטארבען די וועלדער,
די בערגער, די טהאלען אזוי ווי די מתים
פערוויקעלט אין ווייסע, אין קיטלען, טליתים.

דער ווינטער האט אלעס פערגראבען, פערטראטען,
די בוימעליך, גרעזעליך מיט שניי דורך פערשאטען;
פערגליווערט די טייכען, די ווערבעס פערדארבען...
נאר דאך ניט אויף אייביג איז אלץ שוין געשטארבען

דער פריהלינג וועט קומען —
מיר האפען און שטרעבען —
דאס אלטע און טויטע
וועט ווידער אויפלעבען...

זעלדה קניזשניק.

## דאס יודישע לעבען.

### לויט די יודישע פאלקס ליעדער.

(פארטזעצונג)

אז זי זיצט אויף דער פוהר, רוימט איהר איין די מוטער, ווי אזוי זי זאל עהרליך האלטען די שווינער:

טאכטעריל דו ליבסטע,
טאכטעריל דו מיין!
צינד וועל איך דיך לערנעי
ווי א שנור צו זיין!

בשעת די שווינער'ל
וועט געהען פון שוהל,
טראג איהר אונטער
א גאלדענעם שטוהל!

און אז די שווינער
וועט געהען צו טיש,
שטעל איהר א בענקעלע
אונטער די פיס!

---

און דאס יונגע ווייבעל בעוויינט שרעקליך אהיים.

געפלויגען, געפלויגען די גאלדענע פאווע
איבער אלע ים'ען!
זאל דארט גריסען, מיין גאלדענער פויגעל,
מיין ליעב־הארציגע מאמען!

עס איז געפלויגען די גאלדענע פאווע,
איבער'ן טייך דעם גלאטען;
לאז דארט גריסען, גאלדענע פויגעל,
מיין הארץ־געליעבטען טאטען!

---

עס איז געפלויגען די גאלדענע פאווע,
איבער פעלדער און סעדער...
האט ער פערלוירען, דער גאלדענער פויגעל,
זיין גאלדענע פעדער!

---

די שווינער האלט זי נישט בכבוד!

ווי ס'איז ביטער, ליעבע מוטער,
א פויגעל אהן א נעסט;
אזוי איז ביטער, ליעבע מוטער,
אין דער פרעמד אויף קעסט!

ווי ס'איז ביטער, ליעבע מוטער,
אהן וואסער'ל דעם פיש,
אזוי איז ביטער, ליעבע מוטער,
ביי א פרעמדען טיש!

ווי ס'איז ביטער, ליעבע מוטער,
אין שטיבעל אהן א טהיר;
אזוי איז ביטער, ליעבע מוטער,
מיר אהן דיר!

אפשר איז עס א פארגעפיהל, וואס זי דערמאנט אין "שטיבעל אהן א טהיר"; עס געהען איהר די קרעפטען אויס, פאר בענקשאפט, פאר שרעק...

צו יונג האט מען זי איבערגעפלאנצט אויף א פרעמדען ארט...

— טאכטער דו ליעבסטע, דו מיין!
ווי האלט דיך די שווינער?
— די שווינער, — איז בייז ווי א טיגער!
מוטער, דו ליעבסטע דו מיין!

— טאכטער דו ליעבסטע, דו מיין!
ווי האלט דיך דער שווער?
— דער שווער, — ברומט ווי א בער!
מוטער דו ליעבסטע דו מיין!

— טאכטער דו ליעבסטע, טאכטער דו מיין!
ווי האלט דיך דער מאן?
— ביים מאן איז דאס לעבען — א שפאן!
מוטער דו ליעבסטע דו מיין!

די שווינער בעהאנדעלט זי שלעכט;
וואס זי טהוט, געפעלט איהר נישט.

שטעהט זי אויף פריה, זאגט די שווינער, זי שטעהט אויף קייען ווי א קיה... שטעהט זי אויף שפעט — "די נבלה ליגט נאך אין בעט!" מאכט זי גרויסע חלות, שטעלט זי זי בדלות, מאכט זי קליינע ציהט זי אויף איהר דען דלות!!! טהוט זי זיך אן שיין, מאכט זי די שווינער געמיין, מאוס — איז איהר א ביוש, איהר שנור זאל זיך ארים טראגען!

געהט זי פערבעטען, ארען די שווינער איהרע טריט; פערבעט זי נישט דאס בעט, שרעקט מען זי מיט א גט; וואשט זי טיש און בענק, וויל זי א מישנע אריינפאלען אין א קרענק — די גרינגע אסתר איז שוין אויף דער צייט! — טהוט זי נישט וואשען, בערעדט מען זי אין אלע גאסען... געהט זי מיט'ן מאן שפאציערען, שעלט מען זי מיט געשווירען — אויף די פיס... זיצט זי אין שטוב ווי א קרוק, שרייט מען "זי האט שוין פערדרייט דען שנוק!"

און עס קרעכצט דאס יונגע ווייביל:

אוי וועה מיין לעבען!

ד'ווייס נישט, ווי דער שווינער דעם כבוד אבצוגעבען...

עס דאכט זיך איהר, אז די מוטער פרעגט און זי ענפערט...

— טאכטער דו ליעבסטע, דו מיין!
וואס עסט דו דארטען?
— א שטיקיל ברויט, — ליעבער דער טויט!
מוטער, דו ליעבסטע, דו מיין!

— טאכטער דו ליעבסטע, דו מיין,
וואס געהסט דו אנגעטהון?
— אין א קלייד, — מיט צרות גענייט!

מוטער דו ליעבסטע דו מיין!

טראָגען טראָגט זי שיך, וואָס זוערען צוריסען אויף גיך; מע לאָזט זי לענען דעם קאָפּ אויף א קיסען, נור — כדי לייט זאָלען וויסען!

— טאָכטער דו ליעבסטע, דו מיין!
וואו ליגסט דו דאָרטען?
— אויף א האַרטע באַנק, — טויט קראַנק!
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!
— טאָכטער דו ליעבסטע, טאָכטער דו מיין,
צי קומט צו דיר צו דער מאַן צו גייהן?
שטיל האָט ער זי ליעב, נור
— ער געהט נישט צו, ר'אָט שכל ווי א קוה.
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!

און —

אַז זי האָט געדאַרפט דאָס קינד שוין געווינען,
האָט מען פאַר איהר קיין באָבען געפינען!
— שווינער, דו ליעבסטע
שווינער'ל דו מיין,
שטעלט מיך צום פענסטער,
וועט אפשר גרינגער מיר זיין!
— ניט איך וועל דיך שטעלען
אין פענסטער אריין,
און ניט עס וועט דיר
גרינגער זיין!
— שווינער'ל דו ליעבסטע
שווינער'ל מיין...
שטעלט מיך אין גאָרטען,
וועט מיר אפשר גרינגער זיין...
— ניט איך וועל דיך שטעלען,
אין גערטיל אריין,
און ניט עס וועט דיר
גרינגער זיין!

— — — — — — — — — — —

אדער: — שווינער דו ליעבע שווינער דו מיין,
עפענט אויף דאָס פאָרטאלע,
אפשר וועט א פייגעלע זינגען
אפשר וועט מיר גרינגער זיין!

עפענט אויף דאָס פענסטער, האָטש וועהען אביסיל לופט, זאָל „א ווינטעלע בלאָזען!"

די שווינער האלט זיך ביים איהריגען: עס וועט איהר נישט גרינגער זיין!

שווינער ליעבע, שווינער זיסע,
עפענט האָטש אויף דאָס טירעלע
זאָל מיין מאַן אריין,
אפשר וועט מיר גרינגער זיין!
און אַז דער מאַן קומט אריין, זאָגט זי:
ווער איז מיין געליעבטער
און ווער איז דער מאַן מיין?
ווער וועט לויפען פערציג מאָל
אין דער מאַמעס שטוב אריין?

איהר מאַן האָט נור קיין שכל נישט, אָבער ליעב האָט ער זי, א גוטער איז ער:

— אָט דאָ בין איך דיין געליעבטער,
כ'בין דיין מאַנדעל־דיין!
און אָט לויף איך פערציג מאָל
אין דיין מוטערס שטוב אריין...

ער לויפט, קומט, טרעפט די שוויגער און רופט:

— גוט מאָרגען שוויגער'ל,
— גוט יאָהר מיין קינד!
— אייער איינציגע טאָכטער
געהט שווער צו קינד!

די מוטער איילט זיך צו פאָהרען! און —
ווי ז'איז געגאַנגען
שפאַנען די פערד,
ווינשט זי זיך בעסער
צו ליגען אין ערד!
און ווי ז'איז אריבער
ס'אייזערנע בריק
זעהט זי, שמשים
געהען שוין צוריק!
און ווען ז'איז אריין
אין טאָכטער'ס שטוב,
איז שוין די טאָכטער
געלעגען אין גרוב...

בן תמר.

# בילדער פונ'ם לעבען.

## עזריאל'ק סופר.

נאָך מיט פערציג טעג פריהער איידער עזריאל'ק האָט זיך געלאָזט געהן אויף דער זינדינער וועלט, איז אין הימעל אויסגערופען געוואָרען זיין זווג, און דער בית־דין של מעלה האָט געפסק'ט: ער זאָל שרייבען פאַר די קבצניפקער יודען ספרי תורות, תפילין, מזוזות און דערמיט מפרנס זיין דאָס ווייב מיט די קינדער זיינע. נאָר איהם, עזריאל'קען, איז אָנגעזאָגט געוואָרען מיט'ן הארבען וואָרט, אַז דעם סוד זאָל ער פאַר קיינעם ניט מגלה זיין און ער אליין זאָל אין איהם אויך פערגעסען היבשע עטליכע יאָהר. ווער ס'האָט נור אויף עזריאל'קען א קוק געטהון — האָט באלד דערקאָנט אַז מען האָט איהם נוט־נוט אנגעזאָגט וועגען עפּיס א וויכטיגען ענין, וועלכען ער זאָל פונ'ם חדר ניט אויסזאָגען. דערויף האָט אפילו אויך מינדע, די קבצניפקער באָבע, עדות געזאָגט: — „וויפיעל איך לעב, זינט איך ברענג יודישע קינדער אויף גאָטס וועלט, האָט נאָך קיין שום קינד אַזוי ניט געשריען ביים געבאָרען ווערען, ווי עזריאל'ק. א פנים מ'האָט איהם שוין נוט אָנגעזאָגט!"

צי דער מלאך, וועלכער איז געזעצט געוואָרען שנאָלען קליינע קינדערליך איבער די ליפליך, בעת זיי ווערען געבאָרען, איז דעמאָלט שטארק פערשלאָפען געוועזען (עזריאל'ק איז שפעט ביי נאכט געבאָרען געוואָרען), צי ער איז גלאַט אַזוי אויף עמיצען שטאַרק ברוגז געוועזען, אַזוי צי אַזוי, אָבער דער קליינער עזריאל'ק האָט נעביך שוין אין דער ערשטער מינוט פון זיין יודיש לעבען אַזאַ שטאַרקען שנעל

נעחאפּט, אַז די איבערשטע ליפּ זיינע איז שיער אויף צווייען ניט צושפּאָלטען געוואָרען.

נאָך אַזאַ גוטען ברוך־הבא, ווען דער מלאך, גאָטס מלאך אַליין, האָט עזריאל׳קען אַזוי אויפגענומען, זענען שוין שנעל, קלעפּ, שמיעץ געגאַנגען, געשיט זיך און געפלויגען אויף עזריאל׳קס קאָפּ, לייב און לעבען אַלע זיינע יאָהרען אָהן אַ שיעור און אָהן אַ ערך...

אין הדר האָט עזריאל׳ק אָנגעהויבען געהן פּונקט צו דריי יאָהר, זיינע ערשטע מלמדים האָבען מיט איהם בּלק געלערענט, איהם שטענדיג געשלאָגען און צונענומען פון איהם די פרייד פון זיינע קינדהייט. נאָך זיינע פרעהליכע און גליקליכע קינדעריאָהרען, איז אונזער עזריאל׳ק צו דער חתונה (די תפילין מיט׳ן טלית האָט ער אָנגעהויבען לעגען אין איין טאָג) שוין אַ רעכט־שענער מין פאַרשוין געוועזען. ער איז געוועזען קליין, דאַר, איינגעהויקערט און געהל, ווי איין אייערקיכיל. דאָס פּנים׳ל זיינס איז געוועזען שוואַרץ, פערוויסט און אויסגעווייקט, ווי אַ לעגדער הערינג. גרוים און ברייט זענען ביי איהם געוועזען נור די פאות, וועלכע האָבען איהם דאָס גאַנצע פּנים׳ל פערדעקט, און די צוויי בלויע אויגען זיינע. כח האָט ער געהאַט פּונקט, ווי אַ פליג. אַפילו דאָס גלעזיל אונטער דער חופה האָט ער אַליין בשום אופן ניט געקענט צוברעכען, און האָט געמוזט אָנקומען נאָך הילף צו ר׳ יעקב בוץ, דעם קבצניפקער שמש פון דער „אַלטער שול״.

ביי די דייטשען וואָלט געווים אַזאַ מין בחור׳ל פערזעסען ביז 16 און אפשר טאַקי ביז די גאַנצע 17 יאָהר, אָבער אויף אונזער עזריאל׳קען האָט שוין אין דער צייט געוואַרט אַ כלה גאַנצע 17 יאָהר...

ר׳ זיינוויל באַסים, עזריאל׳קס פאָטער און ר׳ זעליק תכשיט זענען געוועזען האַסטרער חסידים. אַלע יאָהר אויף די ימים נוראים פלעגען זיי ביידע פאָהרען קיין האַסטרע צום רבי׳ן. ביי זיי ביידע האָט זיך, לא עלינו, קיין קינדער ניט געהאַלטען. דעם רבי׳ן זאָל לעבען, פערשטעהט זיך, פלעגען זיי דעם וויכטיגען ענין שטאַרק דערקוטשען. איינמאַל, ערב יום כפור פאַר טאָג נאָך כפרות שלאָגען, ווען דער רבי זאָל לעבען איז געוועזען אביסעלע בנילופין, האָבען זיך אונזער פּאָריל חסידים צוגעזעצט צו איהם, אָבער נאָר אויף איין אַנדער אופן, און... ס׳האָט שוין געמוזט העלפען:

— ווייסט איהר וואָס? זייט אייך משדך, מזל טוב!

די גאַנצע חברה חסידים האָבען באַלד צוברעכען אַ פּאָר טעלער און טאַקי תנאים אויך אָנגעשריבען, ס׳איז אַפילו אביסיל שווערליך אויסגעקומען די תנאים אָנשרייבען, ווייל זיי האָבען ניט געוואוסט ביי וועמען וועט זיין דער זכר (דער רבי זאָל לעבען האָט וועגען דעם גאָר אָבגעשוויגען) און ביי וועמען — די נקבה, נאָר... יודען למדנים גיבען זיך אַ עצה: זיי האָבען געשריבען די תנאים מיט אַ תנאי.

דריי יאָהר כסדר האָבען ביידע ווייבער זייערע געבאָרען אָדער ביידע זכרים, אָדער ביידע נקבות, און די תנאים האָבען ניט געקענט נגמר ווערען.

די פּאָרליך האָבען זיך טאַקי באַלד, אין משך פון׳ם ערשטען חדש, איבערגעפיהרט אויף דער אמת׳ר וועלט, נאָר דער רבי זאָל לעבען האָט זיי געטרייסט:

— מן הסתם זענען זיי נאָך ניט די אמת׳ע יודישע קינדער, ר. ה., קיין אמת׳ע יודישע נשמות, די אמת׳ע יודישע נשמה, אַז זי קומט שוין אויף דער וועלט, — האַלט זי זיך פעסט און אַזוי לאַנג, ביז זי ווערט, דורך פערשידענע צרות און ליידען, ריין אָהן שום פלעקען, זאָרגט־זשע ניט און וואַרט!

אויפ׳ן פיערטען יאָהר איז דעם רבי׳נס מופת מקוים געוואָרען; ביי ר׳ זעליק תכשיט איז געבאָרען געוואָרען אַ טאָכטער און ביי ר׳ זיינוויל באַסים — עזריאל׳ק.

חנה׳לע, עזריאל׳קס כלה, איז צו דער חתונה געוועזען הויך, ווי אַ יונג סאָסנעלע, שען, ווי די זון, קלוג, ווי דער טאָג און ווייס, ווי דער שניי, איהרע אויגען זענען געוועזען בלאָה, ווי דער ריינער הימעל און האָבען געפונקעלט, ווי די שטערען. איהר קאָפּ האָר האָט דערמאָנט אַ געדיכט שטיק פעלד מיט פאַרטיגען קאָרן, ווען עס שפּיגעלט זיך אָן אין דער ברענעדיגער זון. מיט איין וואָרט, חנה׳לע איז געוועזען שען, ווי אביגיל מיט דער מוטער רחל אין איינעם, הנ׳ווידיג׳ ווי אסתר המלכה, פרום, ווי לאה און רעכט, ווי די באָבע שרה.

נאָר חאָטש די כלה איז אַזוי שען געוועזען, האָט זי דאָך אין איהר חתן קיין שום חסרון ניט געפונען. אדרבה, פאַר איהר איז נאָך דער גרעסטער כבוד געוועזען, וואָס עזריאל׳ק איז איהר חתן: אַלע קבצניפקער בתולות האָבען זי מקנא געוועזען מיט איהם, — און יעדע יודישע קבצניפקער טאָכטער, וועלכע איז נור אויף „דער צייט״ געוועזען, האָט זיך מיט׳ן גאַנצען האַרץ געוואונשען צו האָבען אַזאַ זוהן, ווי עזריאל׳ק. גאַנץ פּשוט: ערשטענס, וואָס פאַר איין אמת׳ע יודישע בתולה זוכט אין איהר חתן שענקייט? צווייטענס, אונזער עזריאל׳ק איז געוועזען פול מיט מעלות, ווי אַ מילגראָם מיט קערליך.

ניט אומזיסט האָבען איהם זיינע מלמדים אַזוי די ביינער געבראָכען, קלעפּ האָבען איהם גרויסע און פיעל נוטצען געבראַכט: נאָך פאַר דער חתונה איז שוין עזריאל׳ק זיינוויל באַסים אַ גרויסער למדן געוועזען, און האָט שוין געקאָנט פּסק׳נען די האַרבסטע שאלה, חאָטש זעץ איהם שוין אַרויף אויף דער שטוהל פון רבנות. ער איז געוועזען אַ גרויסער כתבן: זיין „לכבוד׳ליך״ מיט זיין „ב״ה׳ליך״ האָט מען ניט נור אין קבצניפקע, נאָר אַפילו איבער גאַנץ קאַמעניפקע אַרומגעטראָגען. היינט עפּיס זיין זינגען...

אַז עזריאל׳ק פלעגט אָנהויבען זינגען, — פלעגען אָרימע לייט פערגעסען זייער הונגער, דאָרשט און נויט, קראַנקע — זייערע וועהטיגען און שמערצען און די קבצניפקער יודען — זייער ביטערען גלות. מעהרסטהייל פלעגט ער זינגען אומבעקאַנטע נגונים און גאַנצע „זאכען״.

— פון וואַנען נעמסט דו זיי, עזריאל׳ק?

דער קליינער עזריאל׳ק האָט אויפגעמאַכט (בשעת און נאָכ׳ן זינגען פלעגט ער די אויגען האַלטען צוגעמאַכט), אויפגעהויבען זיינע צוויי גרויסע בלאָהע אויגען און מיט פערוואונדערונג געענטפערט:

— איהר הערט דען ניט, ווי אַלעס זינגט?

איין שטיקיל צייט, ווען עזריאל׳ק האָט עפּיס אַזוי גוט, זיס און וואונדערליך געזונגען, אַז די קבצניפקער יודען האָבען זיך שוין אָנגעהויבען פיהלען צו גליקליך, — האָט זיך קבצניפקער עולם אָנגעהויבען שטאַרק פערטראַכטען וועגען דעם דאָזיגען ענין, און ס׳איז אויף זיי אָנגעפאַלען אַ גרויסע מרה שחורה:

— די געשיכטע איז עפּיס ניט אַזוי גלאַט, ניט קיין ריינע זאַך... אפשר האָט זיך חס־ושלום אין דעם יונגיל אַ „ניטגוטער״ אַריינגעהאַפּט?... עס וואָלט כלל ניט געשאַדט, אַז מען זאָל עזריאל׳קען אַוועקפיהרען צום אַלעסקעווער זאַל לעבען.

צום גליק, איז דעמאָלט גראַדע געקומען קיין קבצניפּקע דער האסטרער זאָל לעבען. עזריאל'ק איז דאָך זיינער געוועזען: ער איז דאָך טאַקי נור אין זכות פון זיין מופת געבאָרען געוואָרען! און די חסידים האָבען איהם די מעשה דערצעהלט. דער רבי זאָל לעבען האָט איהם געהייסען ברייגגען צו זיך. עזריאל'ק איז געקומען און האָט אָנגעהויבען זינגען. לאַנג — לאַנג האָט זיך דער רבי צוגעהערט צו זיין זיס־געשמאַקען געזאַנג. זיין זעלטען וואונדערליך קול'כיל האָט זיך צוקלינגען מיט הונדערטער, טויזענדטער קרישטאָלענע און גאָלדענע גלעקעליך, — האָט זיך צושיט און צוגאָסען אין אַלע ווינקעליך...

— שרעקט אייך ניט. ער מעג און בעדאַרף זינגען. זיינע נגונים נעמט ער פון די אייגענע ערטער, וואו זיין נשמה איז געגומען געוואַ־ען.

פרעהליכע נגונים פול מיט לעבען האָט עזריאל'ק געזונגען ביז צעהן יאָהר, ד. ה., איידער ער איז צו דעם מלמד ר' יעגקעל וויטים אין די הענד אַריינגעקומען.

ביי ר' יעגקעל וויטים איז דער גאַנצער עיקר פון זיין למוד נישט בעשטאַנען אין דעם, דאָס זיינע תלמידים זאָלען אַ סך און גוט קאָנען לערנען, דאָס פערשטעהט זיך פון זיך אַליין, אַז דער יוד קומט אויף דער זינדיגער וועלט, נור צוליעב דעם, ער זאָל עפּיס מתקן זיין, און איבער דעם בעדאַרף און מוז ער טאָג ווי נאַכט לערנען גאָטס תורה מיט איהרע מפרשים. יעגקעל וויטים גאַנצע ארבייט אַרום זיינע תלמידים האָט זיך אָנגעהויבען און געענדיגט דערמיט, אַז זיי זאָלען בעקימען איין אמת־רעכט'ען, יודיש־הסיד'שען ברען.

ווען עזריאל'ק איז דעם ערשטען טאָג אין זיין חדר געקומען, האָט ר' יעגקעל וויטים, אויפהויבענדיג זיינע לאַנגע, געדיכטע ברעמען און גוט־גוט צוקוקענדיג זיך צו איהם, אָנגעהויבען שאָקלען מיט'ן קאָפּ און צו זיך אַליין גערעדט: „ניין, ניין, ניט נאָך דאָס האָט געמיינט דער פסוק... די כלי איז דוקא נישט־קשה, אַ פיין כלי'כ'ן, נור דער ווייַן אין איהר איז נאָך גאָר רויה און שפּיעלט צו שטאַרק... עפּיס איז ער מיר צו פרעהליך, צו פול מיט לעבען... אַ חידוש, בנאמנות, ער איז דאָך דוקא אין גוטע הענד געוועזען (זאָג נור, אַ יאַ, דו האַסט געלערענט ביי ביידע משה — יוסי'סען?) און צום סוף... איין עבירה, אַז אַזאַ לייטיש כלי'כ'ן זאָל פערפאַלען ווערען... יאָ, מען בעדאַרף זיך צו איהם נעמען גאָר אויף איין אַנדער אופן...

און יעגקעל וויטים האט זיך ערנסט גענומען שלייפען און איבעראַרבייטען עזריאל'קען.

ר' יעגקעל וויטים האָט קיינמאָל ניט געאַרט, אַז דער תלמוד זיינער, בשעת ער ברעכט איהם די ביינער, האָט געוויינט, געשריגען און זיין יונג קול איז נעגאַנגען עד לב השמים. ער האָט אַליין גוט פערשטאַנען, און האָט מודה געוועזען, אַז מען שלאָגט, און עס טהוט וועה, — מעג אַפילו אַ יודיש קינד, וועלכער מוז און בעדאַרף גע־וואָהנט ווערען מיט קלעפּ, שרייען און געוואַלדעווען. אדרבה, ר' יעגקעל וויטים פלעגט זיך נאָך קאַלטבליטיג צוהערען צום שרייען און וויינען פון זיין תלמוד און פלעגט דערפון וויסען, ווי ווייט זיין למוד ברייגגט נוטצען. ווען ער פלעגט פון עזריאל'קען שינדען די הויט און דער לעצטער האָט נעביך געשריען, געוויינט און געקלאָגט, — פלעגט יעגקעל וויטים איהם אונטערזאָגען: „אַזוי, אַזוי, שריי העכער, וויין שטאַ־קער קלאָג בעסער, — וועסט דו שוין אפשר פאָרט בעקומען איין אמת־יודיש צובראָכען האַרץ! עפּיס זינגסט דו מיר צו פרעהליך, און איין אמת'ר יוד בעדאַרף אַפילו בשעת זינגען וויינען".

ווען עזריאל'ק איז 12 יאָהר אַלט געוואָרען, האָט זיין רבי, ר' יעגקעל וויטים, געפונען, אַז ער מעג שוין דאַוונען פאַר'ן עמוד, ווייל ער האט שוין אין זיך דאָס, וואָס אַ רעכטער חסיד'שער יוד בעדאַרף האָבען.

עזריאל'ק האָט אָנגעהויבען דאַוונען פאַר'ן עמוד פון דער „אַל־טער שול" אין קבצניפּקע, און אַ גרויסער עולם ניט נור פון קבצניפּקע, נאָר אַפילו פון קאַמעניפּקע און אֶביוניפּקע פלעגען אָנפולען און אַרום־רינגלען די שול.

ר' יעגקעל וויטים האָט ניט געהאַט קיין טעות. ער האָט גוט געוואוסט, וואָס ער רעדט. עזריאל'ק האָט שוין באמת געמעגט דאַוונען פאַר'ן עמוד: פרייער און לעבען זענען שוין פערשוואונדען געוואָרען אין זיין זינגען. אַ שרעקליך געוויין, אַ מורא'דיגע קלאָג פון הונדערטער, טויזענטער יאָהרען פון אַ וואונדערליך־גרויס און אומגליקליך פאָלק האָט זיך געהערט און געפיהלט אין עזריאל'קס זינגען.

עזריאל'ק איז זעהר שוואַך, און נאָך צו יונג געוועזען, און פלעגט דערום זעלטען דאַוונען פאַר'ן עמוד, אָבער וואָס פאַר אַ רושם פלעגט מאַכען זיין דאַוונען און זיין זינגען!

קבצניפּקע, קאַמעניפּקע און אֶביוניפּקע וועלען געוויס קיינמאָל ניט פערגעסען דעם ערשטען „ומפני חטאינו", וואָס דער צוועלפעהרי־גער עזריאל'ק האָט זיי „געזאָגט"!

דער קליינער עזריאל'ק אין לאַנג־ברייטען טלית פאַר'ן הויכען עמוד האָט געזאָגט, געזונגען „ומפני חטאינו"...

איבער'ן גאַנצען לייב פון די מענער, ווייבער און קינדער, וועלכע האָבען זיך אין און אַרום דער „אַלטער שול" געפונען, איז אַ גרויל איבערגעגאַנגען. די האָר אויף זייערע קעפּ האָבען זיך ביי זיי אויפגעשטעלט און דאָס האַרץ האָט זיי געוויינט און געפלאַ־טערט...

עזריאל'ק האָט געוויינט, געקלאָגט „ומפני חטאינו"...

די בערג, וועלכע רינגלען אַרום קבצניפּקע, האָבען געקרעכצט און געזיפצט. דער הימעל איז בעדעקט געוואָרען מיט שוואַרצע וואָל־קענעס, האָט בעגאָסען דאָס שטעדטיל מיט טייכען טרעהרען און דער גאַנצער עולם איז פשוט אויפ'ן פנים געפאַלען פון גרויס יאָמער־ען און קלאָגען...

און עזריאל'קס „ומפני חטאינו" האָט אויפגעוועקט, געטאָ־עט און געריסען...

---

בשעת עזריאל'ק האָט זיך אַזוי אויסגעצייכענט מיט זיין „ומפני חטאינו", איז גראַדע אין שטעדטיל דער קאַמעניפּקער יודישער דאָקטער געוועזען. ער האָט דערזעהן דעם גרויסען עולם, איז ער אין דער „אַלטער שול" אַריינגעגאַנגען. עס פערשטעהט זיך, אַז אַזוי גיך איז ער שוין פון דאָרט ניט אַוועקגעגאַנגען. ער איז שוין פשוט צום אָרט צוגעקאָוועט געוואָרען. ס'איז אַ סברה, אַז ער האָט זיך אַפילו שוין צו אָפט די אויגען געריבען... בעטראַכטענדיג עזריאל'קען, האָט ער, בשעת אַוועקגעהן אָנגעזאָגט, אַז עזריאל'קען זאָל מען צו איהם אויפ'ן אַנדערען טאָג ברייגגען, ער האָט געזאָגט, אַז ער בעדאַרף איהם בע־טראַכטען און פאָדערט דערפאַר קיין געלד ניט.

אויף מאָרגען איז עזריאל'ק מיט זיין מוטער ביים דאָקטער געוועזען...

— אַ קויל האָט מיך געטראָפֿען !... אַ דונער האָט מיך דערשלאָגען !... ר׳ יענקעל ! איהר ווייסט, איהר הערט, וואָס דער דאָקטער האָט געזאָגט ?...

— נאַרישע יודינע, שרייעט ניט אַזוי ! קיין שום שלעכטס האָט ער אייך אויף עזריאל׳קען ניט געקאָנט זאָגען, וואָס איז, ער האָט איהם פֿערהערט לערנען צי אפשר זינגען ! וויינט ניט, קלאָגט ניט אַזוי !...

— ר׳ יענקעל ! וואָס רעדט איהר ?... דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז מיין עזריאל׳ק איז אַ מסוכן׳ער חולה... אַז ער האָט אין זיך קיין גאַנץ אבר ניט... „דאָס האַרץ, די לונג זענען קראַנק... עטליכעביינדליך זענען ביי איהם צובראָכען... ער טאָר ניט זינגען, ניט לערנען... די מקוה איז פֿאַר איהם סם־המות... מען בעדאַרף איהם לאַנג היילען... אויף לופֿט אַוועקשיקען... גאָט — זאָגט ער מיר — האָט אייך צוגעשיקט אַזאַ גאָלדענע מתנה, מיט וועלכער הימעל און ערד וואָלטען אייך מקנא געוועזען, נעמט איהר און בעגראָבט זי מיט אַייערע אייגענע הענד...

— און איהר האָט זיך שוין דערשראָקען ? נאַרישקייטען ! ביי מיר אין חדר איז שוין עזריאל׳ק צוויי יאָהר, — וויל „ער" מיר דערצעהלען, וואָס אין איהם טהוט זיך ? ווען „ער" זאָל טאַקי באמת זיין אַ גוטער דאָקטער און זאָל נאָך דערצו אין זיך נאָך חאָטש איין יודישע אָדער האָבען, — וואָלט ער גוט געוואוסט, אַז יעדער אמת׳ר יוד האָט אַ קראַנק האַרץ, אַ שלאַפֿע לונג, צובראָכענע ביינער, פֿערמוטשעטע אברים און איז פֿאַרט געזונד און שטאַרק, ווייל די הייליגע תורה איז די בעסטע רפֿואה צו אַלע קראַנקהייטען, און די הייליגע מקוה היט דעם יודען פֿון פֿיעל שלאַפֿקייטען... חאַ, חאַ, האַ, און „ער" וויל, אַז עזריאל׳ק זאָל פֿערביינען דאָס לערנען מיט דער מקוה ?... ווייסט איהר וואָס ? געהט שוין אַהיים און שיקט עזריאל׳קען תיכף ומיד אין הדר אַריין !

דער קאַמעניפֿקער יודישער דאָקטער האָט זיך דוקא נאָך אַ פּאָר מאָל געפּריווט שרעקען עזריאל׳קס עלטערען ; עטליכע מאָל האָט ער צו זיי געשיקט זיין רופֿא, ר׳ ישראל מומחה, נאָר ס׳האָט איהם אָבער גאָר ניט געהאָלפֿען. נאָך יענקעל וויטים ווערטער, האָט שוין קיינער דערפֿון אַפֿילו ניט געוואָלט הערען.

און עזריאל׳ק האָט ווייטער געלערענט, ווידער טאַקי צייטענווייז פֿאַר׳ן עמוד געדאַווענט, ווי איין אמת חסיד׳ש קינד, כמעט אַלע אין דער פֿריה זיך אין מקוה גע׳טובל׳ט, און צו דרייצעהן יאָהר למזל חתונה געהאַט.

נו, איז דאָס שוין אַ חתונה געוועזען !

דער האסטרער אַליין איז בכבודו ובעצמו אויף דער חתונה געוועזען. דער רבי זאָל לעבען האָט עזריאל׳קען ליעב געהאַט, כמעט אַזוי ווי איין אייגען קינד. די גאַנצע צייט, ווען דער האסטרער צדיק פֿלעגט אָבשטעהן אין קבצניפֿקע, קאַמעניפֿקע און אֶביוניפֿקע, האָט עזריאל׳ק בעשטענדיג געמוזט נעבען איהם זיין.

אַז מ׳האָט דעם רבי׳ן זאָל לעבען דערצעהלט די מעשה פֿונ׳ם דאָקטער, — האָט ער דרויף געענטפֿערט : — „עט, וואָס ווייסען זיי" !

און נאָך דער חתונה האָט עזריאל׳ק ווייטער געדאַווענט, ווידער געזונגען, און די קבצניפֿקער, קאַמעניפֿקער און אֶביוניפֿקער יודען האָבען געשעפּט תענוג פֿון דער גאָר׳ער וועלט.

על פי התנאים איז עזריאל׳קען מיט זיין ווייב חנה׳לען געקומען פֿון זייערע עלטערען צוויי מאָל אייביגע קעסט : ווען זיי זענען געבאָרען געוואָרען און די איינגעשריבענע תנאים זענען גגמר געוואָרען, זענען זיי ביידע געוועזען ביי זייערע עלטערען איינציגע קינדער, — האָבען זיך אי ר׳ זיינוויל באַסים אי ר׳ זעליק תכשיט מתחייב געוועזען אייביגע קעסט. אמת טאַקי, ווען די עלטערען האָבען למזל זייערע „איין און איינציגע" קינדער חתונה געמאַכט, — האָבען זיי שוין ביידע געהאַט (ביז הונדערט און צוואָנציג יאָהר !) פֿולע (קיין עין הרע !) שטובליך מיט קינדערליך און קיין פרנסה בפֿירוש טאַקי ניט, נאָר פֿון אייביגע קעסט האָבען זיי זיך דאָך ניט אָבגעזאָגט. עס איז שוין געוועזען גאַנץ געגוג פֿאַר זיי, אַז זיי האָבען זייערע קינדער דעם נדן ניט געקאָנט אָבגעבען.

עס פֿערשטעהט זיך אַליין, אַז ביידע „אייביגע קעסט" האָבען געדויערט כמעט אַ גאַנץ יאָהר. עזריאל׳ק מיט זיין חנה׳לען האָבען געמענט גומל בענישען, וואָס אין משך פֿון די „אייביגע קעסט" זענען זיי ביידע פֿון הונגער ניט געשטאָרבען, אַזאַ שלעכט, אַזאַ ביטער יאָהר האָבען נעבּיך זייערע עלטערען איבערגעלעבט. דאָס איז געוועזען דאָס געוויסע יאָהר פֿונ׳ם גרויסען געוויסער, ווען אי ר׳ זיינוויל באַסים, אי ר׳ זעליק תכשיט האָבען זייערע דירות אַנגעוואָרען.

עזריאל׳ק, חנה׳לע מיט זייער בן יחיד׳ל האָבען שוין געמוזט אַראָב אויף אייגענע קעסט. נאָר ניט קוקענדיג דרויף, האָבען זיי אַלע איינוואָהנער פֿון קבצניפֿקע שוין רעכט מקנא געוועזען. ס׳איז גאָר קיין חידוש ניט : וואָס פֿאַר אַ פּאָר פֿאָלק אין זייערע יאָהרען, מיט אַ קינד און אָהן איין גראָשען געלד קען אַזוי גרינג צו אַ פרנסה קומען ווי זיי ?

קוים איז נור דער יודישער עולם פֿון קבצניפֿקע, קאַמעניפֿקע און אֶביוניפֿקע געוואָהר געוואָרען, אַז עזריאל׳ק זוכט פּרנסה, — איז אין די שטעדט איין איבערקערעניש געוואָרען. אַלע שולען האָבען געמאַכט אסיפֿות און געזוכט עצות, מיטלען, ווי אַזוי און מיט וואָס זיי זאָלען קאָנען פֿערנאַרען צו זיך דעם קונצליך־וואונדערליכען הזן. אין די שולען האָט זיך געדעש׳ט און געקאָכט : אַ קלייניגקייט, געפֿונען איין יונג, קליין און דאַר יודעלע אַלע גרויסע און טייערע מעלות, וואָס איין אמת׳ר חזן, ש״צ, בעדאַרף און מוז אין זיך האָבען ! די גבאים פֿון אַלע שולען זענען אַרומגעלאָפֿען גאַנצע טעג און נעכט, אַ פֿייערדיגע מלחמה איז אויסגעבראָכען געוואָרען צווישען אַלע איינוואָהנער און שולען פֿון קבצניפֿקע, קאַמעניפֿקע און אַפֿילו אֶביוניפֿקע.

פֿינף טעג און פֿינף נעכט האָט זיך די שווערע מלחמה געפֿיהרט ביז די „גרויסע שול" אין קאַמעניפֿקע האָט גובר געוועזען. פֿון אַזוי פֿיעל געלד („ש" קאַרבען חוץ אַלע הכנסות !) האָט קיין שום שול אַפֿילו טראַכטען ניט געקאָנט. (ענדע קימט).

י. לערנער.

## וועגען די בילדער

איבער אַ סבּה וועלכע מיר האָבען ניט געקאָנט פֿאַראויסזעהען זענען די בילדער וועלכע מיר האָבען פֿערשפּראָכען אונזערן אַבאָנענטען ביז היינט ניט פֿונאַנדער געשיקט געוואָרען. איצט איז שוין די מניעה פֿאַראיבער, און מיט דער יעצטיגער נומער שיקען מיר דאָס ערשטע בילד.

די ווייטערע בילדער האָפֿען מיר צו קאָנען שיקען פּינקטליך, אין יעדען חדש אַ בילד.

אַלענפֿאַלס וועלען מיר אים לויפֿע פֿון יאָהר נעבען די פֿערשפּראָכענע 12 בילדער.

**די אדמיניסטראַציאָן פֿון „יוד".**

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrukerei Josef Fischer Krakau.

## בריעף־קאסטען פון אדמיניסטראציאן.

ה' מאיר לעווינזאהן אין קרייצבורג. איף אייער בע־קלאגען זיך אז איהר האט געשיקט 3 רובל די חברה וואס "לערנען דורך בריעף מלאכות" און געבען גוטע פרנסות, נאר מען האט ביי אייך דאס געלד צוגענומען און עד־היום אפילו אייך גיט געענטפערט, זענען מיר מודיע אז אויסער וואס אונזער רעדאקציע האט די ערשטע אויפמערקזאם געמאכט אויף דער חברה, האט די אדמיניסטראציאן פון "יוד" איצט בעשלאסען מעהר ניט דרוקען קיין מודעות פון די דאזיגע רעקלא־מיסטען, ווייל לויט די פיעל קלאגען, געפינען מיר פאר נייטהיג אבצי־היטען דעם עולם פון אזוינע ניט זיכערע זאכען.—

ה' קוטשינסקי אבאנענט נו' 2292 – דאס בוך וועלבעס איהר פרעגט איז צו בעקומען אין אונזער בוכהאנדלונג ווי אויך אין אלע גרעסערע בוכ־האנדלונגען און קאסטעט 1,75 ר"כ.

ה' אבאנענט נו' 3483 אויך אלע די וועלכע פרעגען־אן וועגען דער וועלטגעשיכטע: לייענט אינזער מידעה וועגען דער וועלטגעשיכטע וועט איהר געפינען ענטפער.

פ' ר' מייסטער, אויך אלע וואס פרעגען וועגען דער "פאלקסגע־שיכטע": די "יודישע פאלקסגעשיכטע" קענען מיר היינט פערקויפען צום פרייז 2 רו"ב מיט פארטא 2.50.

ה' יעקב... אין ליפקאני: איהר האט אזוי קונציג פערדרעהט אייער אונטערשריפט אז מיר ווייסען ניט ווער עס פרעגט און וועמען מיר זאלען ענט־פערן, שרייבט — ווי הייסט איהר?

### נדבות:

לטובת הפועלים: 1,50 רו"כ וועלכע מען האט צוזאמענגעקליבען ביי ה' דוד פינטגאלד אויף זיין טאכטערס תנאים.

אוים דער שטאדט סאראכס (закасн. обл.) פון ה' קאפעלמייס־טער באריס נייטאן האבען מיר ערהאלטען 53 ר"ב וועלכע ער מיט זיין פרוי האבען דארט צוזאמענגענומען פיר אונזערע הונגערליידענדע ברידער אין בע־סעראביער גוב.; דאס געלד האבען מיר הינגעשיקט צו ה' א' גינצבערג אין אדעסא איבערצוגעבען דעם דארטיגען קאמיטעט.

ה"ה אלי', ישראל־חיים אדם אוים גאראדייע אלס ברכה "מז"ט!" צו חתונה פון ה' יצחק ריפ מיט פריילין שרה יודקאווסקי שיקען 50 ק"פ לטובת הפועלים בא"י.

**Издательство „АХІАСАФЪ" Варшава.** — **Verlag. „ACHIASAF", Warschau.**